פאַרלאַג „די נייע יידישע פאָלקסשול״

ש. באַסטאָמסקי

# פריטיאָף נאַנסען

## און זיינע נסיעות איבער גרענלאַנד און צום צפונדיקן פּאָלוס








ווילנע — 1919

דרוקעריי „ווילנער פאַרלאַג״ קליין־סטעפּן גאַס, 23.

פאַרלאַג „די נייע יידישע פאָלקסשול״

ש. באסטאמסקי

# פריטיאף נאנסען

## און זיינע נסיעות איבער גרענלאנד און צום צפונדיקן פאלוס



ווילנע — 1919

דרוקעריי „ווילנער פארלאג״ קליין־סטעפן גאס, 23.

## א.

אין יאָר 1896 האָט די גאַנצע וועלט געקלונגען מיטן נאָרוועגער פּריטיאָף נאַנסען. אין אַלע בלעטער האָט מען אָנגעזאָגט די פרייליכע בשורה, אַז נאַנסען האָט זיך אומגעקערט פון זיין רייזע בשלום אַהיים, אין אַלע זשורנאַלן האָט מען געקאָנט געפינען נאַנסענס בילד, אַלע געבילדעטע מענטשן האָבן אים הייס באַגריסט און האָבן זיך געפרייט מיט אים ווי מיטן בעסטן פריינד.

ווער איז דאָס פּריטיאָף נאַנסען? פאַרוואָס האָט מען זיך אַזוי דערפרייט מיט זיין קומען? וואו איז ער דאָס געווען? פּריטיאָף נאנסען איז אַ באַרימטער רייזנדער. אין יאָר 1893 האָט ער אויסגעבויט אַ שיף און איז אַוועקגעפאָרן מיט 12 חברים אין די קאַלטע לענדער, כּדי צו דערגרייכן דעם צָפונדיקן פּאָלוס. גאַנצע דריי יאָר האָט געדויערט די רייזע זיינע, גאַנצע דריי יאָר האָט מען פון נאַנסענען מיט זיינע חברים גאָרניט געהערט, אַזוי ווי אין וואַסער אַריין. אַלע האָבן זיי שוין באַקלאָגט און זיינען געווען זיכער, אַז נאַנסען מיט די חברים זיינען שוין לאַנג ערגעץ-וואו אומגעקומען פון הונגער און פון קעלט.

נאַנסענס נאָנטע פריינד, וועלכע האָבן אים גוט געקענט, האָבן אפילו געוואוסט, אַז ער איז אַ מענטש זייער אַ מוטיקער, מיט אַ שטאַרקן ווילן, אַז, ווען ער נעמט זיך צו אַ זאַך, מוז ער דאָס אויספירן. די העלדישקייט זיינע האט ער שוין ארויסבאַוויזן מיט זיין רייזע דורכן אינזל גרענלאַנד. אין יאָר 1888 איז ער דורכגעגאַנגען אויף שליט-שיך דעם אינזל גרענלאַנד, וועלכער ציט זיך אויף צענדליקער מיילן און איז באַדעקט מיט שניי און מיט אַייז-בערג. פונדעסטוועגן האָבן דעם מאָל אַפילו די נאָהענטסטע פריינד זיינע מורא געהאַט פאַר אים. און ניט אומזיסט. ניט איין רייזנדער האָט שוין פריער געפּרובט מאַכן די נסיעה צום צָפונדיקן פּאָלוס – און כּמעט אַלע זיינען זיי אומגעקומען אויפן וועג פון הונגער און פון קעלט...

און דעריבער איז טאַקע אַלעמעס פרייד געווען אַזוי גרויס, וואָס, ניט

קוקנדיק אויף אַלערליי מניעות און מאַטערנישן, צָרות און דַחקות, הונגער און קעלט, האָט נאַנסען דאָך דאָס זייניקע דערגרייכט. ער האָט געשטעלט דעם לעבן זיינעם אין סַכּנה, און דאָך ניט אָפּגעטראָטן פון דעם ציל, וואָס ער האָט זיך אָנגעמערקט! דאָס ווייזט, אַז נאַנסען איז ניט קיין געוויינלאַכער מענטש. מ׳דאַרף מיט לייב און לעבן ליבן די וויסנשאפט, מ׳דאַרף האָבן אַ גרויסן גלויבן אין די אייגענע כּחות כּדי אַוועקצולאזן זיך אין אַזאַ ווייטן ריזיקאַלישן וועג, וואו אויף יעדן שריט און טריט קען מען אַזוי גיך באַגעגענען דעם טויט.

וואָס איז דאָס אָבער אַווינס דער צָפונדיקער פּאָלוס? צוליב וואס איז נאַנסען אַהין געפאָרן?

ווער עס האט געלערנט געאָגראַפיע, ווייס, אַז די ערד איז קיילאכדיק ווי אַ פּילקע. די ערד שטייט ניט אויף אַן אָרט — זי דרייט זיך אַרום איר אַקס. כּדי לייכטער זיך פאָרצושטעלן ווי די ערד דרייט זיך. לאָמיר נעמען אַ פּילקע אין צוויי פינגער און אָנהייבן זי צו דרייען צווישן די פינגער. נאָך בעסער זעהען מיר דאס אויפן גלאָבוס (זעה) אַקוראַט ווי דורך דער פילקע, אַזוי גייט אין דער אֶמֶתן דורך דער ערד קיין אַקס ניט דורך. די אַקס האבן מיר מער ניט אין זינען כּדי לייכטער זיך פארצושטעלן ווי די ערד דרייט זיך. די פונקטן פון דער ערד, וואו די אַקס וואלט דורכגעגאַנגען, רופן זיך פּאלוסן. דער אויבער־שטער — צפונדיקער פּאלוס, דער אונטערשטער — דָרומדיקער פּאלוס.

אין אונזערע געגנטן (אין ליטע למשל) איז זומער וואַרים, ווינטער — קאַלט. וואס ווייטער מיר וועלן פארן צו צפון־זייט, וועט אַלץ ווערן דער זומער קירצער און דער ווינטער — לענגער. ס׳זיינען דאָ אויף דער ערד אויך אַזוינע ערטער, וואו קיין זומער איז גאָר ניטאָ. אַ גאַנץ יאָר איז דאָרטן ווינטער, אַ גאַנץ יאָר איז דארט די ערד באַדעקט מיט אַייז און מיט שניי.

לענגער ווי אומעטום געדויערט דער ווינטער אויפן פּאלוס. ס׳פארשטייט זיך אַז די גאַנצע נאַטור איז דאָרטן גאָר אַן אַנדערע. קיין פלאַנצונגען וואַקסן דאָרטן ניט. ניט נאר קיין מענטשן, קיין חַיות אפילו קענען דארטן ניט לעבן. צוקומען אַהין איז זייער שווער, כמעט ווי אוממיגלאַך. קיין שיף קען ניט צופאָרן — דאָס אַייז לאָזט ניט, גיין צופוס קאָן מען אויך ניט, ווייל דאָס אייז איז אין אַפּולע ערטער צושפּאָלטן, און די שפּאַלטן זיינען באדעקט מיט שניי. מ׳קען קיינמאָל ניט וויסן וואו עס ענדיגט זיך דאס אַייז און וואו ס׳הויבט זיך אָן דאס וואסער.

איין פאַלשער טריט — און מ׳דאַרף זיך זעגענען מיטן לעבן...

דעם מענטשן ווילט זיך אָבער אַלץ וויסן, אַלץ דערגיין, אַלץ זעהן.

איבער דער גאנצער ערד איז ער שוין דורכגעפארן און דורכגעגאַנגען, האט זי אויסגעמאָסטן און באַשריבן. אומעטום איז ער שוין אויסגעוועזן, ער איז דורכגעגאַנגען וויסטע מדבריות, וואו אויף הונדערטער קילאָמעטער טרעפט מען ניט קיין לעבעדיקן נֶפֶש און קיין טראָפּן וואַסער, ער האט אַרויפגעקלעטערט אויף די העכסטע בערג, וועלכע זיינען אייביק באַדעקט מיט אַייז און מיט שניי. ער איז געקראכן אונטער דר'ערד אין די פינסטערע היילן... אומעטום איז ער געוועזן, אויף די פאלוסן ניט... ס'פאַרשטייט זיך, אַז ס'האָט זיך אים אויך זייער געוואָלט וויסן, וואס עס טוט זיך דאָרטן אויפן פאלוס.

און אַפּולע רייזנדער נאָך פאַר נאַנסענען זיינען טאַקע געפאָרן צום פאלוס, אַוועקגעוואָרפן ווייב און קינד, פעלד און לאנד און אַוועקגעלאָזן זיך אין די ווייטע קאַלטע לענדער... און אַ סך פון זיי זיינען אומגעקומען...

נאַנסען האָט גוט געוואוסט דעם סוף פון די פריערדיקע עקספּעדיציעס צום צפונדיקן פאָלוס. ער האט געוואוסט, אַז די נסיעה איז ניט קיין לייכטע, אַז ער שטעלט זיין לעבן און דאָס לעבן פון זיינע חברים אין געפאַר, אָבער קיין ואַך האָט אים ניט אָפּגעשראָקן. פאַר דער וויסנשאַפט איז ער גרייט געווען מַקריב צו זיין אפילו דעם לעבן זיינעם.

וואו האט געקאנט אויסוואַקסן אַזאַ העלרישער מענטש ווי נאַנסען? ווער האט אים געגעבן די נייטיקע ערציהונג?!

## ב.

פריטיאף נאַנסען איז געבארן געוואָרן און האט פאַרבראַכט זיינע קינדער יאָרן אין אַ קליין דערפל סטארע פרען, דריי קילאָמעטער פון קריסטיאַניע, דער הויפטשטאָט פון נאָרוועגיע. נאָרוועגיע איז אַ לאַנד פון שטיינערנע בערג. די בערג זיינען באדעקט מיט געדיכטע וועלדער, אין וועלכע עס לויפן האַסטיקע רוישיקע טייכן. די טייכן זיינען פול מיט פיש, די וועלדער – מיט חיות און מיט פויגלען. די נארוועגער זיינען גוטע יעגער און אויסגעצייכנטע שווימער. אין צפון-נאָרוועגיע איז זייער קאַלט. אין אנהייב אַווגוסט, ווען ביי אונז איז נאָך דער רעכטער זומער, פאַלט שוין דארטן ארויס שניי. די נארוועגער זיינען אָבער געוויינט צו קעלט און האָבן פאר קעלט קיין מורא ניט. ווינטער פאלט אין נארוועגיע אָן זייער פיל שניי. אלע וועגן און שטעגן ווערן פארשאָטן, ניט צו גיין, ניט צו פאָרן. דאַן לויפן זיי אויף שליט-שיך. פון קליינוווייז אויף לערנען זיך די נאָרוועגער אויס לויפן אויף שליט-שיך, און זיי רעכענען זיך

טאַקע פאַר די בעסטע לויפער. די נאַרוועגער זיינען בכלל זייער אַ מוטיק און העלדיש פאָלק. דער נאַרוועגער ווייס ניט פון זיצן ליידיק. כּסדר ער אַרבעט, כּסדר ער איז פאַרנומען. זיי זיינען אויך זייער אַן ערלעך און געלערנט פאָלק. ס'איז גענוג צו זאָגן, אַז די בעסטע שולן געפינען זיך אין נאָרוועגיע.

אין אַזאַ לאַנד און פון אַזאַ פאָלק איז אַרויס פריטיאָף נאַנסען. נאַנסען איז געבאָרן געוואָרן אין יאָר 1861. זיינע עלטערן זיינען געווען ניט קיין רייכע. דער פאָטער איז געווען אַ שרייבער אין געריכט, זייער אַן ערלאַכער און קלוגער מאַן. פאַר זיין ערלאַכקייט האָבן אים אַלע געשעצט און געליבט. ער האָט ניט ליב געהאַט דעם שטאָטישן לעבן און האט זיך ניט איבערגעקליבן קיין קריסטיאַניע. דאָס האָט געגעבן פריטיאָפן די מיגלאכקייט צו פאַרברענגען די קינדערשע יאָרן אויפן פרייען פעלד, אין שאָטן פון די געדיכטע וועלדער, וועלכע רינגלען אַרום סטאַרע פּרען. דער קליינער נאַנסען פלעגט ניט מיד ווערן אַרומצולויפן איבער דער אַרומיקער געגנט. אייגהאַלטן אים אין שטוב איז געווען זייער שווער, כּסדר ער פלעגט פאַרפאַלן ווערן, כּסדר זיין פאַרטאָן.

נאַנסענס מוטער איז געווען זייער אַ ענערגישע און האָרעפּאַשנע פרוי. זי האָט געפירט די גאַנצע בעל-הבּתישקייט און מיט קיין אַרבעט זיך ניט געשעמט. ווען קיין דינסט פלעגט ניט זיין, פלעגט זי אַליין מיט די קינדער טאָן אַלע נייטיקע אַרבעט. מיט גרויס ליבשאַפט האָבן די עלטערן ערצויגן זייערע קינדער. פון קינדווייז אויף האָט מען זיי געלערנט, אַז אַרבעט איז פאַרן מענטשן קיין שאַנדע ניט, אַז יעדערער מוז אַליין אַרבעטן; וואָס עס זאל זיך מיט אים ניט טרעפן, מוז ער אַלע מאָל אַליין קענען געפינען אַן אויסוועג פון דער שווערער לאַגע. פריי און פריילאַך האָבן די קינדער פאַרבראַכט זייערע יונגע יאָרן. קיינער פלעגט זיי ניט נאָכגיין, קיינער האָט זיי ניט געשטערט אין זייערע שפּילן. צוויי-דריי-יאָריקע פלעגן זיי שוין אַליין גיין איבערן הויף. האָבן זיך אַליין באַקענט מיט די הויפיקע היות און עופות.

די מוטער האָט זיי זייער ליב געהאַט, נאָר די ליבע צו זיי האָט זי ניט אַרויסגעוויזן. זי האָט זיי ניט געפּיעשטשעט און ניט פאַרצויגן, ווי אַנדערע מאַמעס טוען דאָס. אַפילו ווען מיט זיי פלעגט זיך טרעפן עפּעס אַ צרה, פלעגט זי אויך בלייבן רואיק און ניט פאַרלירן דעם מוט. די קינדער האָבן אויך זייער ליב געהאַט זייער מוטער, האָבן איר אַלע מאָל געפאָלגט און אַלע מאָל פאַר-לאָזן זיך אויף איר. נאַנסען איז געווען אַ ייִנגל פון אַ יאָר אַכט, ווען מיט אים האָט זיך געטראָפן אַזאַ מעשה. פאַנגענדיק פיש האָט ער ניט ווילנדיק

אַריינגעלאָזן אין ליפּ דעם האָקן פון דער ווענדקע. די מוטער איז דאַן גראָד געווען ביים ברעג. אַז זי האָט דאָס דערזעהן, האָט זי אים געהייסן זיצן רואיק, ניט רירן זיך פון ארט. זי איז אַוועק אַהיים, האָט געבראַכט אַ גאָלמעסער, האָט צוויי געשניטן די ליפּ און האט אַרויסגענומען דעם האָקן.

זי האָט אַלץ אָפּגעטאָן שטילערהייט. קיין וואָרט ניט אַרויסגערעדט, קיין קרעכץ ניט אַרויסגעלאָזן. מיט איר קאַלטבלוטיקייט האָט זי באַרואיגט דעם יינגל. ער האָט זיך געשעמט צו וויינען און צו שרייען, ווען די מאַמע האָט געשוויגן.

איינמאָל האָט זיך פּריטיאָף מיט זיין ברודער געגליטשט אויפן אייז. דאָס אייז האָט זיך דורכגעבראָכן, און זיי זיינען ביידע אַריינגעפאַלן אין טייך אריין. די חברים זייערע זיינען אַוועקגעלאָפן צו זייער מוטער אָנזאָגן איר וועגן אום גליק, וואָס ס׳האָט געטראָפן. די דערשראָקענע מוטער איז געקומען צו לויפן — ערשט פּריטיאָף איז שוין אויפן אייז און שלעפּט אַליין דעם ברודער זיינעם...

נאַנסענס מוטער איז געווען זייער אַ אנגעלייענטע פרוי. די ליבע צום לייענען האָט זי איבערגעגעבן דעם זון אירן. געלערנט האָט זיך נאַנסען אין שטאָט, דריי קילאָמעטער פון דער היים. הין און צוריק פלעגט ער גיין צופוס, און נאָר אין אַ שלעכטן וועטער פלעגט מען אים אפּפירן. נאָכן לערנען פלעגט ער גיין אַהיים עסן, און נאָכן עסן—ווידער אין שטאָט. לערנען זיך שווימען אין ים.

דער יונגער נאַנסען איז געווען זייער אַ פּעאיקער. מיט אַלץ האָט ער זיך אינטערעסירט, פון אַלץ האָט ער געוואָלט וויסן, אַלץ האָט ער געוואָלט דערגיין ביזן גרונט. אַז ער איז נאָך אַ קינד געווען, האָט זיין מוטער געקויפט אַ ניי־מאַשין. נאַנסען האָט דערזעהן די מאַשין און האָט זיך זייער פאַראינטערעסירט מיט איר. איינמאָל, ווען די מוטער איז ניט געווען אין דער היים, האָט ער פונאַנדערגענומען די מאַשין און האָט זי באַקוקט. אַז די מוטער איז אַריינגעקומען און האָט דאָס דערזעהן, האָט זי געמיינט, אַז ס׳איז שוין נאָך דער מאַשין. ווי גרויס איז אָבער געווען דער וואונדער אירער, ווען דער יונגער נאַנסען האָט אַליין צוריק צונויפגעשטעלט אַלע טיילכעלאַך, און די מאַשין האָט גענייט ווי פריער.

די לערער זיינע פלעגט נאַנסען פאַרמאַטערן מיט פראַגן. אַלע האָבן זיי אים זייער ליב געהאַט. די חברים האָבן אויך געשעצט נאַנסען פאַר זיין כח און פלינקייט.

אין אַלע שפּילן איז ער געווען דער ערשטער. איינזיצן אויף איין אָרט האָט נאַנסען ניט געקענט. יינגלווייז איז ער שוין אויסגעגאַנגען אַלע אַרומיקע פעלדער און וועלדער. ער פלעגט זיך אַוועקלאָזן אויף צענדליקער ווייאָרסטן פון דער היים, אָפטמאָל בלייבן ניט קיין געגעסענער, ליידן הונגער און קעלט. ס׳פלעגט אים אָבער ווינציק וואָס קימערן. אין יונגן נאַנסענען האָט מען שוין געקאָנט מערקן דעם קומענדיקן רייזנדער.

אויפן 21-טן יאָר האָט ער שוין געמאַכט זיין ערשטע גרויסע נסיעה אויפן אייז ים.

## ג.

נאַנסען האָט געקענט ניט נאָר שטיפן און אַרומלויפן, ער האָט אויך געקענט זיצן גאַנצע שָעהן איבער אַ בוך און לערנען. צו 18 יאָר האָט ער שוין געענדיקט די רעאַל-שול און איז אָנגעקומען אין אוניווערסיטעט. מער פון אַלע לימודים האָט ער ליב געקראָגן נאַטורוויסנשאַפט און האָט מיט גרויס חשק און התמדה גענומען אויסלערנען גרינדלאַך אַלץ, וואָס ס׳קומט פאָר אין לעבן פון חיות און פון פלאַנצונגען. נאַנסען איז באַוואוסט ניט נאָר אַלס רייזנדער, נאָר אויך אַלס געלערנטער. זיינע ידיעות האָבן אים א סך נוצן געבראַכט ביים אויספאָרשן די נאַטור פון די קאַלטע לענדער.

אין יאָר 1882 האָט אַ פּראָפעסאָר פאָרגעלייגט נאַנסענען מאַכן אַ רייזע איבערן צפונדיקן ים, כדי צוצוגרייטן זיך צו דער אַרבעט פון אַ נאַטור-פאָרשער. מיט גרויס פרייד האָט זיך נאַנסען אָנגענומען צו מאַכן די נסיעה. דאָס איז געווען זיין ערשטע פּאָלאַרע עקספּעדיציע. די שיף, אויף וועלכער נאַנסען האָט זיך געזעצט, האָט געהייסן „וויקינג" און האָט געהערט צו אַ קאָמ-פּאַניע סוחרים, וואָס זיינען געפאָרן צום צפונדיקן ים שלאָגן דאָרטן ים-הינט. דער ים האָט די רייזענדער באַגעגנט זייער ניט פריינדלאַך, גלייך ווי זיי זיינען אַרויסגעפאָרן, האָט זיך אויפגעהייבן אַ שרעקלאַכער שטורימווינט. די כוואַליעס האָבן פאַרגאָסן די שיף, דער גרעסטער מאַסט-בוים האָט זיך צע-בראָכן. די סוחרים האָבן אָבער אויף קיין זאַך ניט געקוקט. זיי האָבן געטריבן די שיף אַלץ ווייטער און ווייטער צו צפון-זייט, ווייל זיי האָבן מורא געהאַט צו פאַרזאַמען די בעסטע צייט פון דעם געיעג אויף ים-הינט.

דעם 18-טן מערץ זיינען זיי אַריבער דעם פּאָלאַרן קרייז. וואָס ווייטער, האָבן זיך אַלץ אָפטער אָנגעהייבן צו ווייזן הויכע קריעס אייז, וועלכע האָבן סוף-כל-סוף באַלאַגערט די שיף פון אַלע זייטן.

עס האָבן אָנגעהייבן צו בלאָזן שטאַרקע שטורעמווינטן, וועלכע האָבן געשליידערט די שיף ווי אַ שפענדל, געבראָכן דיביימער און די גראַטעס אָפטמאָל איז דאָס לעבן פון די רייזנדער געהאַנגען אויף אַ האָר.

מער ווי אַ חודש צייט האָט „וויקינג" געבלאָנדזשעט. די סוחרים האָבן געהאַט גרויס קלעמעניש, וואָס עס טרעפן זיך נאָך אַלץ ניט קיין ים־הינט, נאַנסענען האָט דאָס אָבער ווינציק געאַרט. ער איז געווען זייער צופרידן, וואָס ער האָט דערווייל גענוג צייט צו פאָרשן און צו באַקענען זיך מיט דער נאַטור פון צפונדיקן ים. גאַנצענע שָעהן פלעגט ער זיך ניט קענען אָפרייסן פון די בילדער, וועלכע ס'האָבן אים ארומגערינגלט. הימל און אַייז—מער ווי דאָס האָט, דאַכט זיך, נאַנסען ניט געזעהן אין צפונדיקן ים, אָבער דעריין האָט ער אויך געפונען אַ זעלטענע שיינקייט און אַן אֶמֶתן נחת־רוח.

„אַפולע וועלן זיך דאָ פילן"—שרייבט נאַנסען—אין זיין טאָג־בוך—איינזאַם און אומבאהאָלפן, ס'וועלן זיי פעלן פעלדער און וועלדער... אָבער דער וואָס זוכט אין דער נאַטור רואיקייט, באַשטענדיקייט און פרייהייט, יענער האָט דאָס דאָ געפינען"...

אין חודש יוני האָבן די סוחרים געפינען ים־הינט, און דאָס געיעג האָט זיך אָנגעהייבן. סוף יוני האָט דאָס אַייז ווידער אַרומגערינגלט די שיף, און „וויקינג" האָט געמוזט אַ גאַנצן חודש צייט פאַרברענגען ביי די ברעגעס פון גרענלאַנד. פאַר נאַנסענען איז דאָס געווען די בעסטע צייט. ער האָט געהאַט נאָך אַ גרעסערע מיגלאכקייט צו פאָרשן די נאַטור פון צפון. דאָ האָט ער זיך צום ערשטן מאל באגעגנט מיט די ווייסע בערן, וועלכע ער האט געשאָסן זייער אפט. העכער צען וויארסט האט זיך נאַנסען איינמאל געיאגט איבערן אַייז נאך אַ בער.

אין פיר וואָכן ארום איז די שיף באַפרייט געווארן פון אַייז און איז אַוועק צוריק קיין נארוועגיע.

## ד.

אַז נאַנסען האט זיך צוריקגעקערט פון זיין נסיעה, האט ער געקראגן זייער אַ גוטע שטעלע. ער איז געווארן אַ אויפזעהער פון אַ מוזיי אין בערגען. די ארבעט אין מוזיי האט געבראַכט נאנסענען זייער פיל נוצן, דא האט ער זיך אינגאנצן געקאנט איבערגעבן דער וויסנשאפט. די גאנצענע טעג פלעגט ער אָפזיצן איבערן מיקראָסקאפ, פארטיפט אין דער ארבעט און ניט באמערקן, וואס ארום

אים טוט זיך. פאַרבלייבן אבער זיצן אויף איין ארט האט נאַנסען ניט געקענט. די ליבשאַפט צו נסיעות האט אים ניט פאַרלאזן. ס'האט אים אנגעהייבן צו ציען אין דער וועגנס, ס'איז אים געווארן אומעטיק און לאַנגווייליק אינדער היים. קיין יאר איז נאך ניט אַריבער פון דער ערשטער רייזע זיינער—און ער האט שוין געהאַט ביי זיך אַ נייעם פלאַן—אויספארשן דעם אינזל גרענלאַנד.

צופעליק האט נאַנסען איינמאל איבערגעלייענט אין בלאַט, אַז דער באַוואוסטער רייזנדער נארדנשעלד האט זיך בשלום צוריקגעקערט פון זיין צווייטער עקספעדיציע איבער גרענלאַנד. נארדנשעלד איז געווען דער ערשטער רייזנדער, וואס אים האט זיך אַיינגעגעבן דורכצוגיין אין גרענלאַנד גאַנצע 117 קילאמעטער. ווייטער גיין האט ער ניט געקאנט, ווייל דער שניי איז געווען אַזוי טיף, אַז די מענטשן פלעגן אַיינגעזונקען ווערן. דאַן האט ער אַרויסגעשיקט פאראויס עטלאַכע לאַפּלענדער אויף שליט-שיך, די לאַפּלענדער זיינען דורכגעלאפן נאך 200 קילאמעטער. זיי האבן דערציילט, אַז חוץ אייז און שניי האבן זיי קיין זאַך ניט געזעהן.

די מעשה מיט די שליט-שיך איז נאַנסענען אריין, ווי מ'זאגט, אין נאז „אויב דער אינזל גרענלאַנד איז באַדעקט מיט אַייז—האט ער געקלערט—אויב די לאַפּלענדער האבן געקאנט אַזוי גיך דורכלויפן 200 קילאמעטער, וועט ער דאך דאס געוויס קאנען, און ניט נאר 200 קילאמעטער—ער וועט דורכלויפ- דורכן גאַנצן אינזל פון מערב ביז מזרח און וועט זעהן צי ס'זיינען דארטעט טאַקע דא די גרינע אָאַזיסן, וועגן וועלכע ס'האבן דערציילט אייניקע רייזנדער אדער צי איז טאַקע דער גאַנצער אינזל באַדעקט נאר מיט אַייז און מיט שניי

זייענדיק אין בערגען, פלעגט נאַנסען אויך ניט קענען אַיינזיצן אויף איין ארט, אפטמאל פלעגט ער זיך אוועקגליטשן אויף זיינע שליט-שיך ווייט פון דער היים און פארברענגען גאַנצענע טעג און נעכט אונטערן פרייען הימל, צווישען בערג און שניי.—„עפעס אַ מאדנער געפיל כאַפּט אַן דעם מענטשן שרייבט נאנסען אין אן ארט,—ווען ער גייט איינער אליין אין אן אויסגעשטעוו רנטע נאכט איבער די בערג, ווייט פון אַ מענטשלאַכן ישוב! דו פילסט, אז דו ביסט דא פנים-אל-פנים מיט דער נאַטור און מיט גאט. ניטא זיך וואו צו באהאלטן, דו מוזט גיין אלץ ווייטער און ווייטער“..

אין יאר 1886 האט נאנסען געמאכט אַ רייזע איבער אייראפּע. אַ קורצע צייט האט ער פארבראכט אין איטאליע, אבער לאנג זיצן אין ווארימע לענ-דער האט ער ניט געקאנט, ס'האט אים געצויגן צום קאלטן צפון

דער פלאַן דורכצוגיין גרענלאַנד אויף שליט-שיך איז פאר אים געווארן וואס ווייטער אלץ קלערער, און ער האָט זיך פעסט גענומען צו דער זאַך. ער האָט אָפּגעדרוקט זיין פּראָיעקט אין אַ זשורנאַל, האָט זיך אַן עֵצה געהאַלטן מיט עטלאַכע פּראָפעסאָרן און געלערנטע. קיינער פון זיי האָט אָבער פון זיין פּראָיעקט ניט געהאַלטן. אַלע האָבן אים אָפּגעשלאָגן. אייניקע פון זיי האָבן אפילו גע-לאַכט פון אים. נאָרדנשעלד, צו וועלכן נאַנסען האָט זיך אויך געווענדעט נאָך אַן עצה, האָט נאַנסענען געענטפערט, אַז ער קען אים העלפן נאָר מיט איין זאַך—מיט אַ פּאָר גוטע שטיוול... נאַנסען האָט זיך אָבער פון זיין פלאַן ניט אָפּגעזאָגט. ער האָט זיך געווענדעט צו דער מלוכה מיט אַ בקשה, מ'זאָל אים אַרויסגעבן אַ געלט-שטיצע, אָבער דאָ האָט מען אויך פון זיין פּראָיעקט ניט געהאַלטן און קיין געלט אים ניט געגעבן. צום גליק האָט זיך געפונען אַ דעני-שער סוחר, וועלכער האָט נאַנסענען געגעבן 2500 רובל.

באַקומען דאָס געלט, האָט זיך נאַנסען גענומען גרייטן אין וועג אַריין. ער האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז דער ערפאָלג פון זיין רייזע וועגדט זיך נאָר אָן דעם, ווי ער וועט זיין צוגעגרייט. און ער האָט זיך טאַקע גענומען גוט גרייטן, פאָראויסזעהענדיק יעדער קלייניקייט. „איין קליינער פעלער — און מיר וועלן אַלע פאַרלאָרן גיין"!—אַזוי האָט ער געזאָגט און האָט געזעהן מיט אַלע מיגלאַכקייטן קיין פעלערן ניט צו מאַכן.

די ערשטע און שווערסטע זאַך פאַר נאַנסענען איז געווען צוצוקלייבן חברים, וואָס זאָלן זיך איינגאַנצן פאַרלאָזן אויף אים און זאָלן וועלן ריזיקירן מיטן לעבן. ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס אין עטלאַכע בלעטער האָט מען אָפּגע-לאַכט פון נאַנסענס פלאַן, האָבן זיך פונדעסטוועגן פאָרט געפונען 40 מאַן, וועלכע האָבן זיך אָנגענומען מיטצופאָרן מיט אים. נאַנסען האָט מיט זיך גענומען נאָר 5.

עטלאַכע חדשים נאָכאַנאַנד האָט זיך נאַנסען אַלץ געגרייט צו דער רייזע. ער האָט פאָראויסגעזעהן, אַז ס'קען אַמאָל אויסקומען צו שלעפן אויף זיך דעם גאַנצן באַגאַזש און דעריבער האָט ער באַשלאָסן קיין איבעריקע זאַכן ניט צו נעמען. גענומען האָט ער נאָר דאָס סאַמע נייטיקסטע.

די שליט-שיך, דאָס שיפל און אַלע איבעריקע זאַכן האָט ער באַשטעלט לויט זיינע אייגענע פלאַנען. ער האָט אַכטונג געגעבן, אַז יעדער זאַך זאָל זיין פעסט, באַקוועם און זאָל ברענגען וואָס מער נוצן.

ביז נאַנסענען פלעגן אַלע רייזנדער אָנהייבן זייער נסיעה פון מערב זייט, ווייל אויפן מערבדיקן ברעג האָבן זיך געפונען עטלאַכע עסקימאָסישע

דערפלאַך און אייניקע אַמעריקאַנישע און דענישע קאָלאָניעס. דער מזרח'דיקער ברעג איז געווען פוסט און וויסט. נאַנסענען זיינען די פריערדיקע פּלענער ניט געפעלן געוואָרן. ער האָט פאַרקערט געריכנט צוצושטיין צום מזרחדיקן ברעג און פון דאָרטן גיין צום מערבדיקן.

— אויב די עקספּעדיציע וועט זיך אָפּשטעלן פון מערבדיקן ברעג, האָט זיך נאַנסען געטראַכט—וועלן די חברים זיינע ביי דער ערשטער שוועריקייט גלייך חרטה האָבן און וועלן זיך אומקערן צוריק. ווען זיי וועלן זיך אָבער אָפּשטעלן פון וויסטן מזרחדיקן ברעג, וועט זיי אויסקומען איינס פון דאָס ביידע: אָדער פאַרלאָרן צו גיין, אָדער אָן אויפהער צו שטרעבן צום אָנגעמערקטן ציל און גיין אַלץ ווייטער און ווייטער... אָדער אַ נס, אָדער אַ מת!—איז ביי נאַנסענען געבליבן. ער האָט זיך געזעצט אויף דער סוחרישער שיף „יאַזאָן" און האָט זיך דעם 4־טן יוני 1888 אָפּגעלאָזן אין ווייטן ריזיקאַלישן וועג.

## ה.

צושטיין צום מזרחדיקן ברעג פון גרענלאַנד איז געווען זייער שווער. גאַנצע זעקס וואָכן האָט „יאַזאָן" געמאַכט אַלערליי פּרובן צו דערנענטערן זיך צום ברעג, און ס'האָט זיך אים אַלץ ניט איינגעגעבן—דאָס איז האָט ניט דער-לאָזן. נאַנסען האָט געזען, אַז ס'איז אַ מעשה אָן אַ סוף, און האָט באַשלאָסן אַריבערצוקלייבן זיך אין קליינע שיפלאַך און אויף אַזאַ אופן צושטיין צום ברעג

אַלע האָבן אָנגעשריבן די לעצטע בריוו אַהיים, זיך געזעגנט מיט די חברים פון „יאַזאָן", אַריינגעזעצט זיך אין 2 שיפלאַך און האָבן אָנגעהייבן צו שווימען צום ברעג.

ווי נאָר נאַנסען מיט די חברים האָבן זיך אָפּגעטיילט פון שיף, אַזוי האָבן זיך גלייך אָנגעהייבן די צרות זייערע. אַ שרעקלאַכער ווינט און אַ שטאַר-קער רעגן האָבן זיי אָנגעהייבן צו שמייסן אין פנים. די שיפלאַך און די מענטשן זיינען פאַרפלייצט געוואָרן מיט וואַסער... די רייזנדער האָבן אבער אויף קיין זאַך ניט געקוקט. וואָס שטאַרקער ס'איז געווען דער ווינט, אַלץ שטייפער איז געוואָרן דער ווילן זייערער, אַלץ פעסטער האָבן זיי געהאַלטן און געמאַכט מיט די רודערס. עטלאַכע מאָל איז אויסגעקומען אַרויפצושלעפּן די שיפלאַך אויפן אייז כדי צו ראַטעווען זיי פון די שרעקלאַכע קריעס, וועלכע האָבן מיט איין שטויס געקאָנט צעבר...ן זיי אויף פיצלאַך... 15 שעה נאָכאנאנד האבן זיי

געאַרבעט און גארניט געקאנט מאכן. אזוי ווי דאס אייז איז ניט געשטאנען אויף איין ארט, האט ער זיי נאך מער אפגעטראגן און דערווייטערט פון ברעג. טאמער איז נאך די מאס צרות זייערע ניט געווען פארפול, האט זיך פלוצלונג געכאפן נאך א צרה: די קריע. אויף וועלכער, זיי זיינען געזעסן, האט זיך צו שפאלטן און זיי האבן זיך געמוזט אריבערקלייבן אויף א צווייטער. אַז נאנסען האט דערזעהן, אז די קריע טראגט זיי אוועק אלץ ווייטער און ווייטער פון ברעג, האט ער געהייסן די חברים איינשפאנען זיך אין די שליטנס און צופוס דערגרייכן דעם ברעג. דער פלאן האט זיך אבער ניט איינגעגעבן, ווייל די שליטנס און די מענטשן פלעגן איינגעזונקען ווערן אין שניי און ניט קענען רירן זיך פון ארט. פַּטֶרן די כוחות אומזיסט האבן זיי ניט געוואלט, און ביי זיי איז געבליבן ווידער צו באזעצן זיך אויפן אייז און ווארטן אויף א גינסטיקן מאמענט...

צעהן מעת-לעת האבן זיי זיך אזוי געטראגן איבערן ים אויף גאטס באראט, ניט וויסנדיק וואוהין דאס אייז וועט זיי ברענגען. איינמאל פארטאג קריכט נאנסען ארויס פון ביידל און דערזעהט, אז דער ברעג איז גארניט אזוי ווייט ווי זיי האבן געמיינט. ער האט אויפגעוועקט די חברים. האט זיי געהייסן אויף גיך זיך זעצן אין די שיפלאך און צושטיין צום ברעג.

מיט פרייד און פלייס האבן זיך אלע גענומען צו דער ארבעט און נאך א סך מאטערנישן און שוועריקייטן האט זיי זיך קוים מיט צרות איינגעגעבן צוצושטיין צום ברעג. דאס איז געווען דעם 10 אווגוסט. די שמחה פון די רייזנדער איז געווען גארניט צו באשרייבן.—ס'האט זיך אונז געדאכט—שרייבט נאנסען,—אז מיר האבן זיך באפרייט פון א לאנגער שווערער תּפיסה, א נייע גליקלאכע צוקונפט האט זיך פאר אונז געעפנט, מיר זיינען אויף אן אמת געווען גליקלאך. ווי קליינע קינדער האבן מיר זיך געפרייט מיט יעדער גרעזעלע, מיט יעדער בלימעלע, מיט יעדער פויגעלע"...

פאר דער גאנצער צייט, וואס זיי האבן זיך געטראגן אויפן אייז, האבן זיי קיינמאל קיין ווארימע שפייז ניט געהאט, ווייל אויף דער קריע איז אוממיגלאך געווען צו מאכן פייער. זיי האבן אבער אלץ אנגענומען פאר גוט. אויף דעם זיינען זיי געגאנגען. זיי האבן געוואוסט, אז קיין ראַזינקעס מיט מאנדלען ווארטן ניט אויף זיי. וואס ווייטער זיי זיינען געפארן, אלץ שטארקער איז געווארן דער ווילן זייערער צו דערגרייכן דעם ציל, אלץ נייערע כּוחות האבן זיי ביי זיך געפונען.

ו.

דער שטראָם האָט צוגעטריבן די רייזנדער ניט צו דעם פּונקט, פון וואַנען זיי האָבן גערעכנט אָנצוהייבן די רייזע זייערע, כּדי צו דערגרייכן דעם אָנגעמערקטן פּונקט, האָבן זיי נאָך געמוזט אַ פּאָר מעת־לעת שווימען אויף אַ שיפל פּאַזע ברעג צו צפון־זייט. איינמאָל, ווען זיי האָבן זיך פּאַרמאַטערטע צוגעזעצט אויפן ברעג אָפּרוען, האָבן זיי פּלוצלונג דערהערט עפּעס אַזוי ווי אַ מענטשלאַכן קול. פון אָנהייב האָבן זיי זיך אַליין ניט געגלויבט, נאָר אַז זיי האָבן זיך גוט צוגעקוקט צום ים, האָבן זיי דערזעהן פון ווייטן צוויי קליינע שיפלאַך. אין אַ קורצער צייט אַרום זיינען די שיפלאַך צוגעשטאַנען צום ברעג — און עפּעס אַ פּאָר אויסטערלישע מענטשן זיינען צוגעגאַנגען צו אונזערע רייזנדער. נאַנסען האָט זיך געשטויסן, אַז דאָס מוזן זיין עסקימאָסן, וועלכע וואַנדערן אַרום איבערן מזרחדיקן ברעג פון גרענלאַנד. צוגייענדיק צו די אייראָפּעער, האָבן די עסקימאָסן אנגעהייבן שמייכלען, מאַכן מיט די הענט און גיך גיך צו ריידן אויף זייער לשון. די אייראָפּעער האָבן זיי אויך פריינדלאַך באַגעגנט. אַזוי ווי אויפריידן זיך מיט ווערטער האָבן זיי ניט געקענט, האָבן זיי זיך אויפגערעדט אויפן וואונק, די עסקימאָסן האָבן געוויזן, אַז זייער מחנה געפינט זיך ניט ווייט און האָבן געפרעגט ביי די רייזנדער, ווי אַזוי זיי קומען אַהער. נאַנסען האָט זיי געוויזן, אַז ער קומט פון יענער זייט ים. די ווילדע האָבן זיך ניט געקאנט אָפּוואונדערן און האָבן אָנגעהייבן נייגעריק צו באַטראַכטן די אייראָפּעער און אַלע זייערע זאַכן. נאַנסען האָט זיי געגעבן צו לעקאַכל. חברה האָט זיך באַלעקט און באַהאַלטן די טייערע מתנה צו באַוויזן דאָס אינדערהיים. אַז די אייראָפּעער זיינען אָפּגעשוואומען נאָך אַ ביסל, האָבן זיי דערהערט פון ברעג מענטשלאַכע קולות. אַ גאַנצע מחנה עסקימאָסן, מענער ווייבער און קינדער, זיינען געשטאַנען אויפן ברעג, האָבן געמאַכט מיט די הענט, געטאַנצט און געשריען. עטלאַכע פון זיי זיינען אַרויסגעפאָרן נאַנסענען אַנטקעגן כּדי צו ווייזן אים אַ גוטן אָרט, וואו צוצושטיין. פאַר די עסקימאָסן זיינען די אייראפּעער ווי פון הימל אַראָפּגעפאַלן. ווי נאָר די רייזנדער זיינען אַרויס פון שיפל, האָבן זיי די ווילדע גלייך אַרומגערינגלט און אָנגעהייבן ליבלאַך צו שמייכלען צו זיי. דער שמייכל איז געווען דער „גוטמאָרגן" זייערער. נאַנסען האָט זיך געוואָלט באַקענען מיט זייער לעבן, און ער איז צוגעגאַנגען צו זייערע ביידלאַך. די עסקימאָסן האָבן אַריינגעפירט די „געסט" אין דעם גרעסטןביידל און פונאַנדערגעזעצט זיי אויף קעסטלאַך ביים וואַנט. אַז די אייראָפּעער זיינען אַריין אין ביידל, האָבן זיי זיך

גלייך געכאַפּט פאַר די נעזער – אַ שרעקלאַכער גערוך האָט זיך געטראָגן אין דער לופטן פון דעם פעטס, וואָס האָט געברענט אנשטאָט לאָמפּן. אַז די „געסט" האָבן זיך גוט אַרומגעקוקט און דערזעהן, וואָס ס'טוט זיך אין ביידל, זיינען זיי נשתומם געוואָרן. – דאָס ביידל איז געווען פול געפּאקט מיט נאַקעטע פאַרשמאָלצענע מענער, ווייבער און קינדער. אין ביידל (יורטע) וואַרפן די עסקימאָסן אַראָפּ פון זיך די קליידער און טוען אָן נאָר אַ ברייטן פּאַס אויף די לענדן. אין איין ביידל האָבן זיך געפונען גאַנצע פינף משפחות, יעדער משפחה האָט זיך געהאַט איר באַנק. לעבן יעדער באַנק האט געברענט אַ „לאָמפּ". די לאָמפּן האָבן געדינט אויך פאַר אייוועלאך. איבער זיי זיינען געהאַנגען ליימענע קעסעלאך, אין וועלכע ס'האָט זיך געקאָכט דער אָנבייסן. אַ שעה צייט האבן די אייראפּעער פארבראכט אין יורטע. האָבן אַלץ באקוקט, מיט אַלץ זיך באַקאנט. גערעדט האָט מען אויף שטום-לשון. איין עסקימאָס האט געוואָלט ווייזן, אַז ער האָט אַ פרוי מיט צוויי קינדער, האט ער ארומגענומען און אַ קוש געטאן אַ דיקע פרוי, דערנאך האבן זיי ביידע שמייכלענדיק אנגעוויזן אויף צוויי קינדערלאך. ס'איז אינטערעסאַנט צו באמערקן, אַז די עסקימאָסן קושן זיך ניט ווי מיר מיט די ליפּן – זיי רייבן זיך נאָר מיט די נעזער. ווען די אייראָפּעער זיינען ארויסגעגאנגען פון ביידל און האבן אנגעהייבן ארויסצונעמען פון שיפל די זאכן וייערע, האבן זיך כמעט אַלע עסקימאָסן אַ לאָז געטאָן העלפן זיי. יעדער זאך איז געווען פאַר זיי אַ גאטס וואונדער, פון אלץ האָבן זיי געלאַכט און געמאכט טודליקעס. מער פאר אלץ זיינען זיי געפעלן געווארן די קעסטלאך פון די קאנסערוון. ניט אַזוי גיך איז נאַנסען פּטור געווארן פון די „געסט". עסן אפילו האבן די אייראפּעער נעמוזט פאר די עסקימאָסן אין די אויגן. מיט גרויס נייגעריקייט האבן די עסקימאָסן באגלייט יעדן ביסן, וואס די אייראפּעער האבן אריינגעלייגט אין מויל אריין. ביינאכט, ווען זיי האבן זיך געדאַרפט לייגן שלאפן, האבן די עסקימאָסן פארוואונדערט געקוקט, ווי זיי טוען זיך אויס. אַז די אייראפּעער האבן זיך פארקליבן אין די זעק און ס'האבן זיך אַרויסגעזעהן נאר די זעקס קעפּ זייערע, האבן די עסקימאסן זיך שוין מער ניט געקאנט איינהאלטן און האבן אַרויסגעשאָסן א חילדן געלעכטער. נאכדעם זיינען זיי זיך פונאַנדערגעגאנגען און האבן שוין א גאנצע נאכט ניט געשטערט דעם שלאָף פון די אייראָפּעער.

אויף מארגן האט נאנסען פארלאזן די עסקימאָסן און איז אין א פּאָר טעג ארום צוגעשטאנען צום אָרט, פון וועלכן ער האט אננעהייבן זיין רייזע איבער גרענלאנד.

ווי נאָר די רייזנדער זיינען געקומען צום אנגעמערקטן פּונקט, האבן זיי זיך גלייך גענומען גרייטן אין וועג אריין. איין טייל האָט זיך פארנומען מיטן ברענגען אין אָרדנונג די זאכן, און נאנסען מיט זיין חבר סווערדרופּ זיינען אוועק פּאָראויס צו געפינען אַ גוטן אָרט, פון וועלכן ס'זאָל זיין לייכט אָנצוהייבן די רייזע. די ערשטע עטלאַכע שעה איז דאָס אייז געווען האַרט און גלאַט. שפּעטער איז ער געוואָרן ווייכער, און די פיס זייערע האָבן אָנגעהייבן צו זינקען אין שניי, וואָס ווייטער איז דער וועג געוואָרן אַלץ ערגער און ערגער. אין אַפולע ערטער איז דאָס אייז געווען צושפּאָלטן און מיט איין טריט ניט קיין פּאָרזיכטיקן האָבן זיי געקענט אויף אַלע מאָל פאַרשפּאָרן צו גיין ווייטער. כדי צו העלפן איינער דעם אַנדערן בשעת אַ סכנה, האבן זיי זיך צוגעבונדן צו אַ שטריק.

דער וועג איז געגאַנגען באַרג-אַרויף. די צייט איז געווען קורץ— ביז דער זונאונטערגאַנג האבן זיי זיך געדאַרפט צוריקקערן צו די חברים, אַניט וואָלט זיי אויסגעקומען צו נעכטיקן אויפן אייז אין פרייען פעלד.

ווי שלעכט ס'איז זיי ניט געווען, האָבן זיי דאָך דעם מוט ניט פאר לאָרן און סוף-כל-סוף דערגרייכט צום שפּיץ בארג. פון שפּיץ באַרג האבן זיי דערזעהן אַ אומגעהייער ברייטע פעלד, וואס איז געווען אַרום און אַרום באַדעקט מיט שניי און מיט אייז. זיי האבן גוט באקוקט די געגנד און זיינען אַוועק צוריק צו די חברים. קוים מיטן לעבן האָבן זיי זיך צוריקגעקערט. עטלאַכע טעג נאָכדעם האָבן זיי זיך פון אָרט ניט געקאנט רירן—אַזוי האבן זיי זיך אויסגעמאַטערט. ערשט דעם 15-טן אַווגוסט זיינען זיי ווידער געווען בכח פאָרצוזעצן די רייזע.

פון ערשטן טריט אָן האבן זיי גלייך אנגעהייבן צו ליידן צָרות. גיין בייטאָג איז געווען אוממיגלאַך, ווייל דער שניי פלעגט צעגיין פון זון און ס'פלעגט אויסקומען צו שלעפן זיך ביז די קני אין בלאָטע. ביינאַכט איז געווען שטאָק-פינסטער און מ'האָט ניט געקאָנט זעהן, וואו דאס אייז איז צושפּאָלטן. דריי טעג נאָכאַנאַנד האט ווי פון עמערס געגאָסן אַ פליוך-רעגן. ס'האט זיך אויפגעהייבן אַ שטורים-ווינט און ס'איז געווארן אוממיגלאַך צו רירן זיך פון אָרט. גיין ווייטער וואלט הייסן פארפאסטן מיטן לעבן. זיי האבן זיך געמוזט זעצן און אָפּוואַרטן. דערווייל האָבן זיי זיך אַרומגעזעהן, אַז דאָס עסנוואַרג

טאָגט שוין. האָבּן זיי באשלאָסן, אַז מער ווי איין מאָל אַ טאָג טאָר מען ניט עסן. די טעג, וואָס מ'ליגט אויף אַן אָרט באַקומט מען נאָר אַ האַלבּע פּאָרציע. מיט ריינע וואַסער איז אויך געווען צרות. קיין טייכלאַך האָבּן זיי אין וועג ניט געפונען און זיי האָבּן געמוזט באַקומען וואַסער פון שניי.

דאָס איז געווען ניט קיין מאכל – יעדערער האָט געמוזט מיט זיין אייגן לייבּ אָנוואַרימען אַ פלאַש אייז, ביז וואַנען פון אַייז פלעגט ווערן וואַסער. אַז דער רעגן האָט אויפגעהערט, זיינען זיי אַוועק ווייטער. וואָס העכער, איז אַלץ דער פראָסט געווארן שטאַרקער. ס'איז דערגאַנגען ביז 40 גראַד. די האָר אויפן קאָפּ פלעגן ווערן שטיקלאַך אַייז. ס'איז זיך גאר שווער פאַרצושטעלן אין וואָס פאַר אַ לאַגע זיי האָבּן זיך דאַן געפונען.

אָבּער נאַנסען האָט אפילו אין די ערגסטע מאָמענטן דעם מוט ניט פאַרלאָרן. אַדרבּא – וואָס אַ טריט ווייטער, אַלץ גרעסער פלעגט ווערן די שמחה זיינע, וואָס ער דערנענטערט זיך אַלץ מערער און מערער צום ציל.

## ח.

דעם 5-טן סעפּטעמבּער האָבּן די רייזנדער דערגרייכט דעם העכסטן פונקט פון בּארג, און פון דאַן אָן איז שוין דער וועג געגאַנגען בּארג אַראָפּ. ס'איז געווארן אַ סך לייכטער. די צייט האָט זיך אָבּער דערווייל געצויגן אַלץ לענגער און לענגער. אַלע טאָג האָבּן זיי זיך געטרייסט, אַז מאָרגן וועלן זיי שוין דערזעהן ערד אָבּער ניט איין „מאָרגן" און ניט איין „איבּערמאָרגן" איז אַריבּער. און קיין ערד האָט זיך אַלץ ניט געוויזן. דערזעלבּער שניי, דיזעלבּע זון... שניי און זון – מער ווי די צוויי זאַכן האָבּן זיי ניט געזעהן. זיי האָבּן געמיינט, אַז ס'וועט שוין אַזוי קיין סוף ניט נעמען. ערשט אין צוויי וואָכן ארום האָבּן זיי דערזעהן אַ פייגעלע. די פייגעלע האָט זיי אָנגעזאָגט די גוטע בשורה, אַז די ערד איז ניט ווייט... אין דער צייט פלעגט זיי אויסקומען צו ליידן מער ניט ווי בּייטאָג, בּיינאַכט פלעגן זיי אָן אַלץ פאַרגעסן און שעפּן דעם גרעסטן פאַרגעניגן אין נחת רוח קוקנדיק אויפן אויסגעשטערנטן הימל. „די אָוונטן, שרייבּט נאַנסען, ווען מיר פלעגן אַלע זיצן



צוגעטוליעט איינער צום אַנדערן און קוקן אויפן אויסגעשטערנטן הימל, וועלן מיר, דאַכט זיך, קיינמאָל ניט פאַרגעסן. נאָר זעהענדיק אַזוינע בילדער קען דער מענטש זאָגן, אַז ס'לוינט צו לעבן און צו ליידן אויף דער וועלט"...

דעם 24-טן האָבן זיי ענדלאַך דערפילט אונטער זיך האַרטע ערד. „מ'קען גאָר מיט ווערטער ניט באַשרייבן, זאָגט נאַנסען, די געפילן אונזערע, ווען מיר האָבן ווידער דערפילט אונטער די פיס ערד און שטיינער!"... פירן די זאַכן אויף די שליטנס האָט מען שוין איצטער ניט געקאָנט. די רייזנדער האָבן דעריבער געלאָזן די שליטנס מיט אַ טייל פון באַגאַזש און נאָר די סאַמע נויטיגסטע זאַכן האָבן זיי גענומען אויף די פּלייצעס און זיי זיינען אַוועק.

דער וועג איז געווען ניט קיין גלייכער—באַרג-אַראָפּ און באַרג-אַרויף, אָבער דאָס איז שוין פאַר זיי געווען, ווי מ'זאָגט, אַ צוקערלעקאַכל. וואָס פאַר אַ ווערדע האָט דאָס געהאַט אין פאַרגלייך מיט דעם, וואָס זיי זיינען שוין אַריבערגעקומען?

דריי טעג זיינען זיי אַזוי געגאַנגען מיט די פּעקלאַך אויף די פּלייצעס, לעבעדיק, פריילאַך, ביז וואַנען זיי זיינען געקומען צו אַ טייכל. געדאַרפט האָבן זיי דערגיין ביזן עסקימאָסישן דערפל האָכטאַב. דאָרטן האָבן זיי געקאָנט טרעפן אַ שיף, וועלכע וואָלט זיי ברענגען אַהיים. צו האָכטאַב איז נאָך אָבער געווען ווייט. צוקומען אַהין מיט ·דער יַבָּשה איז געווען זייער שווער, ווייל דער וועג איז געוואָרן וואָס ווייטער אַלץ ערגער. דאַן איז ביי זיי געבליבן צו מאַכן אַ שיפל און אויפן שיפל צושווימען צו האָכטאַב. מאַכן אָבער אַזאַ שיפל, וואָס אין אים זאָלן אַלע קענען פאָרן צוזאַמען, איז געווען אוממיגלאַך. מיט גרויס מאַטערניש האָט זיך זיי איינגעגעבן צו מאַכן אַ שיפל נאָר פאַר צווייען. די צוויי האָבן געדאַרפט צושטיין צו האָכטאַב און פון דאָרטן שוין צושיקן מענטשן צו די איבעריקע חברים, וועלכע האָבן געמוזט פאַרבלייבן דאָ און וואַרטן נאַנסען און סווערדרופּ האָבן זיך אָנגענומען אויסצופירן די זאַך, און זיי זיינען אַוועקגעפאָרן אין שיפל. דאָס שיפל איז געווען זייער אַ קורצער און אַ שלעכטער. מ'האָט זיך אין אים קיין ריר ניט געטאָרט געבן. אַלע צען מינוט האָט מען געמוזט אויסשעפּן דאָס וואַסער. פיר טעג נאָכאַנאַנד זיינען זיי געפאָרן און האָבן קיינעם ניט געטראָפן. געשפּייזט האָבן זיי זיך מיט פייגעלאַך, וועלכע זיי פלעגן שיסן אויפן וועג. איינמאָל האָט זיך זיי איינגעגעבן צו פאַרבייסן מיט יאַגדעס.

„דעם טאָג, דערציילט נאַנסען, וועלן מיר קיינמאָל ניט פאַרגעסן. אַז מיר האָבן דערזעהן די יאַגדעס, האָבן מיר ניט געוואוסט ווי זיי צו עסן. אַזוי

גרויס איז געווען די שמחה אונזערע. פריער האָבן מיר זיי געגעסן שטייענדיק, דערנאָך—זיצנדיק, נאָכער—ליגנדיק. צום סוף האָט אונז דערעסן צו רייסן מיט די הענט און מיר האָבן זיי גענומען רייסן מיט די ליפּן, און אַזוי עסנדיק די יאַגדעס, האָבן מיר אַיינגעשלאָפן. אַז מיר האָבן זיך אויפגעכאַפּט, האָבן מיר ווידער געגעסן... עד־היום קען איך ניט פארשטיין, ווי אַזוי מיר האָבן גוט אָפּגעשניטן פון אַזאַ פרעסעריי און מיר זיינען ניט קראַנק געוואָרן...

פאַרקערט, מיר האָבן זיך געפילט נאָך בעסער ווי פריער און מיט מער מוט און מיט נייע כחות האָבן מיר זיך גענומען צו אַרבעטן מיט די רודערס".

דעם 3־טן אָקטאָבער האָבן זיך די רייזנדער דערשלעפּט צום דערפל „הערנגוט". דאָ האָבן זיי שוין געטראָפן אייראָפּעער, וועלכע האָבן זיי זייער פיין צוגענומען און געבראַכט קיין האָכטאַב. נאַנסען דערציילט, אַז אין משך פון די 4 חדשים, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין דער רייזע, איז ער גאר אָפּגע־וויינט געוואָרן פון מענטשן און פון זייער ארט לעבן. די גאַנצע צייט האָט ער פאַרבראַכט אונטערן פרייען הימל, געגעסן, וואָס ס׳האָט זיך געמאַכט... און מיט אַ מאָל פירט מען אים אַריין אין אַ צימער, מ׳זעצט אים אַוועק אויף אַ שטול ביי אַ טיש, מ׳גיט אים אַ גאָפּל. ער טרינקט ווין, רויכערט ציגאַרן... ער איז שוין אַזוי אָפּגעוויינט געוואָרן פון די דאָזיקע זאַכן, אַז ס׳איז אים אויסגעקומען מאָדנע, אָבער אין דער זעלבער צייט אַזוי אַנגענעם...

ווי נאָר נאַנסען איז געקומען קיין האָכטאַב, האָט ער גלייך אַוועקגעשיקט נאָך די איבערגעלאָזענע חברים, און דעם 26־טן איז שוין די גאַנצע עקספּעדיציע געווען צוזאַמען און האָט זיך שוין געקאָנט אָפּגעבן מזל טוב, וואָס אַלץ האָט זיך געענדיקט בשלום.

נאַנסען שרייבט אין זיין טאגבוך, אַז דערגרייכנדיק דעם ציל, האָבן זיי זיך גאָרניט געקאָנט פרייען. די גאַנצע צייט זיינען זיי געווען אַזוי אַריינגע טאָן אין דער זאַך, אַז זיי האָבן זיך גאָרניט אַרומגעזעהן ווי גיך דער ציל איז דערגרייכט געוואָרן. קומענדיק קיין האָכטאַב, האָבן זיי געהאַט נאָר איין פאַרלאַנג—וואָס גיכער צו פאָרן אַהיים; אָבער דאָס האָט זיך זיי ניט איינגעגעבן. די שיף איז שוין אָפּגעגאַנגען, און זיי האָבן געמוזט איבערוואַרטן דעם ווינטער, ביז וואַנען ס׳וועט קומען אַ נייע שיף. נאַנסענען האָט זיך איינגעגעבן נאָר אַוועקצושיקן אַהיים בריוו, אין וועלכע ער האָט אַלעמען אָנגעזאָגט, אַז דער ציל איז דערגרייכט געוואָרן.

די גאַנצע וועלט האָט זיך גלייך דערוואוסט פון נאַנסענס רייזע און אומעטום האָט די נייס אַרויסגערופן גרויס פרייד. קיינער האָט זיך גאָרניט געריכט ס'זאָל זיך נאַנסענען אַיינגעבן אויסצופירן אַזאַ זאַך. אין אַלע בלעטער און זשורנאַלן האָט מען מיט שמחה געשריבן וועגן נאַנסענס אויפטו און וועגן די נוצן, וואָס זיין רייזע וועט ברענגען דער וויסנשאַפט.

## ח.

אַ גאַנצן ווינטער האָט נאַנסען פאַרבראַכט אין האָכטאַב. די צייט איז ביי אים ניט אַוועק אומזיסט. פאַרן ווינטער איז ער גוט באַקאַנט געוואָרן מיטן לעבן פון די עסקימאָסן, ער האָט זיך אויסגעלערנט זייער שפּראַך, געלעבט מיט זיי צוזאַמען, געגעסן ביי איין טיש, געגאַנגען מיט זיי אויף יאַגד, געפאַנגען פיש א. ד. ג.

ניט קוקנדיק אָבער אויף דעם, וואָס די רייזנדער האָבן גאַנץ פריילאַך פאַרבראַכט די צייט, האָבן זיי פונדעסטוועגן געציילט די טעג און אומגעדול־דיק געוואַרט אויף דער שיף, וואָס האָט זיי געדאַרפט ברענגען אהיים.

און זיי האָבן זיך דערוואַרט.

דעם 15-טן אפריל פון יאר 1889 איז געקומען די שיף „דער ווייסער בער", וועלכע האט זיי אפגעפירט אהיים. פאר דער צייט, וואס נאנסען האט פארבראכט אין האכטאב, האט ער זיך מיט ואלעמען זייער באפריינדעט.

אז ס'איז געקומען די צייט פון זעגענען זיך, האבן אלע געוויינט און געקלאגט:

— „אט פארסטו ווידער אוועק—האט איינער צו אים געזאגט—אין דער גרויכער וועלט, פון וואנען דו ביסט געקומען. דו וועסט דארטן ווידער זעהן פיל נייע מענטשן און אן אונז וועסטו גיך פארגעסן... מיר אבער וועלן אן דיר קיינמאל, קיינמאל ניט פארגעסן..."

דעם 21-טן מאי איז נאנסענס עקספעדיציע אנגעקומען קיין קאפענהאגען, דער הויפטשטאט פון דענעמארק, און אין א קורצער צייט ארום—אהיים. אומעטום האט מען זיי באגעגנט מיט גרויס פרייד. אלע האבן געלויבט, די רייזנדער און ניט געוואוסט ווי אפצושאצן זייער מוט און העלדישקייט. פריער האט מען געקוקט אויף נאנסענען ווי אויף א משוגענעם. איצט האט מען שוין באשיינ־פערלאך געזעהן, אז דאס איז אן אֶמֶתער העלד, וואס שרעקט זיך ניט אפ פאר קיינע מניעות, וואס טרעפן זיך אים אוי'פן וועג צו דערגרייכן דעם אנגעמערקטן

ציל. די גרעסטע געלערנטע האבן גאנסענען געלויבט, מלוכות האבן אים מתנות געשענקט...

פון די אלע מתּנות און לויבגעזאנגען האט זיך אבער ביי אים דער קאפּ ניט פארדרייט. ער איז געוועזן זייער צופרידן נאר פון איין זאך—וואס ער האט אזוי פיל כּבוד און נוץ געבראכט זיין פאלק און זיין לאנד. ס'האט זיך אים אבער אלץ געדאכט, אז דאס, וואס ער האט געטאן, איז נאך ווייט ניט געווען גאר. גאנסען איז געווען ניט אזא מענטש, וואס האט זיך געקאנט באזעצן אויף איין ארט, און באנוגענען זיך מיט דעם, וואס ער האט אפגעטאן. קוים האט ער זיך אביסל אפגערוט, האט ער שוין ווידער אנגעהייבן צו קלערן וועגן א נייער רייזע, דעם מאל נאך א ווייטערער, א לענגערער און א שווערערער—דאס איז געווען די רייזע צום צפונדיקן פאלוס... אין א קורצער צייט ארום נאך זיין קומען אהיים פון גרענלאנד, האט גאנסען חתונה געהאט. דער ערשטער תּנאַי, וואס ער האט געשטעלט דער כּלה, איז געווען—זי זאל אים ניט שטערן אין זיין רייזע צום צפונדיקן פאלוס...

עגדע פון ערשטן טייל.



# א.

פון קדמונים אָן האָט שוין דער צפונדיקער פּאָלוס צוגעצויגן צו זיך די אויפמערקזאַמקייט פון דעם מענטשן.

נאָך אין 10־טן יאָרהונדערט האָבן מוטיקע איירָאָפּעער אָנגעהייבן ביטער מלחמה צו האַלטן מיטן אייז, וואָס פירט צום צפונדיקן פּאָלוס... פון אַלערליי ערטער, מיט כָּלערליי מיטלען האָבן זיי געפּרובט צוצוקומען צום געגאַרטן פּונקט, אָבער זייער גאַנצע מי איז געווען אומזיסט...

הונדערטער העלדן זיינען אומגעקומען פון הונגער און קעלט, שטרעבנ־דיק צו דערגרייכן דעם צפונדיקן פּאָלוס, און דער מענטש איז אַלץ געבליבן באַזיגט פון דער בייזער צפונדיקער נאַטור...

נאַנסען האָט זייער גוט געוואוסט, וואָס פאַר אַ שוועריקייטן עס ליגן אויפן וועג צום פּאָלוס. ער האָט זיך אָבער פאַר קיין זאַך ניט אָפּגעשראָקן און פעסט באַשלאָסן צו מאַכן די שווערע ריזיקאַלישע נסיעה. מיט גרויס אינטערעס האָט ער דורכגעשטודירט אַלע פּאָליאַרע־עקספּעדיציעס, וואָס זיינען געווען ביז אים, און איז דערגאַנגען, אַז אַלע האָבן זיי געמאַכט איין גרויסן פעלער.— זיי האָבן אַלע געפּרובט דורכצורייסן זיך דורכן אייז, קעמפן מיט דער קראַפט פון דער נאַטור. נאָך נאַנסעס מיינונג האָט מען פאַרקערט באַדאַרפט אויסנוצן די קראַפט, די קראַפט, וואָס ער האָט גערעכנט אויסצונוצן, איז געווען דער ים־שטראָם וואָס טרייבט דאָס אייז. לויט זיין איבערצייגונג האָט געמוזט זיין אַ שטאַרקער שטענדיקער שטראָם, וואָס גייט פון בערינגגס דורכגוס (צפון־אַמעריקע) צום צפונדיקן פאָלוס און פון דאָרטן צוריק צו דרום. פאָלגנדיקע פאַקטן האָבן אים אַרויפ־געבראַכט אויף דעם דאָזיקן געדאַנק. אין יאָר 1881 איז אַ שיף מיטן נאָמען „זשאַנעטע״ אַוועק צום צפונדיקן פּאָלוס. דאָס אייז האָט זי אַרומגערינגלט און האָט זי־צוויי יאָר נאָכאַנאַנד געטריבן אין צפון־מערב־זייט, ביז וואַנען זי איז אומגעקומען לעבן די נייע סיבירער אינזלען. אין דריי יאָר אַרום האָבן די שווימענדיקע קריעס געבראַכט עטלעכע זאַכן פון דער שיף „זשאַנעטע״ צום אַנדער ברעג אָקעאַן, צום דָרומדיקן ברעג פון גרענלאַנד.

„אויב אַ קריע איז האָט געקאָנט אַריבערשווימען דעם אָקעאַן, האָט נאַנסען געטראַכט, וועט דאָס אַ שיף אויך קענען". אין גרענלאַנד פלעגט מען אויך געפינען שטיינ-וואַרפער, מיט וועלכע די עסקימאָסן פון צפון אַמעריקע שיסן פויגלען. דער ים-שטראָם פלעגט אויך ברענגען אַ סך האָלץ פון סיביר קיין גרענלאַנד.

מיט דער הילף פון דעם שטראָם האָט נאַנסען גערעכנט געוויס צו דער-גרייכן דעם צפונדיקן פּאָלוס. לויט נאַנסענס פּלאַן האָט מען געדאַרפט אויסבויען אַ קליינע אָבער א שטאַרקע שיף, וואָס זאָל קענען געבן א שטאַרקן ווידער-שטאַנד דעם אייז. די שיף דאַרף זיין געבויט אזוי, אז זי זאָל קענען גיין אי אויף פאַרע אי אויף זעגלען. די רייזע דאַרף מען אנהייבן פון בערינגס דורכגוס. די שיף וועט גיין מיטן זעלביקן שטראָם, וואָס „זשאַנעטע" און וועט פאַרבלייבן א געוויסע צייט אין אייז. דאָס אייז וועט זי שוין אליין פירן ווייטער, פריער צום פּאָלוס, דערנאָך צוריק אויף דרום צו גרענלאַנד אָדער שפּיצבערגען. דאָרטן וועט שוין די שיף אַרויסגיין אין אָפענעם ים און וועט בשָלום קומען אַהיים. אויב די שיף וועט חלילה אומקומען אין וועג, וועלן זיי זיך דאַן אַרויפקלייבן אויף א שטאַרקער קריע, און די קריע וועט זיי שוין ברענגען צום ים. זיי וועלן זיך איבערזעצן אין קליינע שיפלאַך און פאָרן ווייטער.

די עקספּעדיציע דאַרף געדויערן צוויי יאָר, נאָר מיט שפּייז דאַרף מען זיך באַזאָרגן אויף גאַנצע פינף יאָר.

דעם פּלאַן זיינעם האָט נאַנסען פאָרגעלייענט פריער אין דער נאָרוועגישער געאָגראַפישער געזעלשאַפט, דערנאָך—אין דער לאָנדאָנער. אזוי ווי מיט נאַנסענען האָט שוין געקלונגען די גאַנצע וועלט און אַלע האָבן אים געהאַלטן פאַר א העלד, האָבן זיך דעריבער אויף זיינע לעקציעס צונויפגעקליבן זייער א סך באַוואוסטע רייזנדער און פּאָלאַרע פאָרשער. אַלע האָבן זייער אויפמערקזאַם אויסגעהערט דעם פּלאַן זיינעם. אָבער קיינער האָט ניט געגלויבט, אַז אַזאַ פּלאַן זאָל קענען אויסגעפירט ווערן. אַלע האָבן אויפגעוויזן, אַז נאַנסענס פּלאַן איז נאָר אַ פאַנ-טאַזיע, אַז די מענטשן וועלן ניט קענען אויסהאַלטן אַזאַ שווערע רייזע אין משך פון צוויי יאָר און וועלן מוזן אומקומען פון הונגער, פון קעלט און פון פאַר-שיידענע קראַנקייטן.

אייניקע האָבן געזאָגט, אַז ס'איז בכלל גאָר אַזאַ שטראָם ניטאָ. עס האָבן זיך אָבער געפונען אויך אַזוינע געלערנטע, וואָס האָבן געגלויבט אין נאַנסענס הצלחה. מיט זיין ערשטער רייזע האָט ער שוין גוט באַוויזן, וואָס פאַר אַ מענטש

ער איז, אַז ער האַלט ניט פון קיין הלומות און פון קיין פאַנטאַזיעס. קוימט נעמט זיך נאַנסען צו אַ זאַך, וועט ער דאָס אייספירן. דער נאָרוועגישער פּאַרלאַמענט האָט אַסיגנירט פאַר דער עקספּעדיציע 200000 קראָן (100000 ר.) פּריוואַטע מענטשן האָבּן צונויפגעקליבן נאָך 250000, און נאַנסען האָט זיך אָנגעהייבּן צו גרייטן אין וועג אַריין.

## ב.

די צאָל מענטשן, וואָס זיינען געווען גרייט צו פאָרן מיט נאַנסענען, איז געווען זייער גרויס. פון אַלע עקן וועלט האט מען אים פאַרוואָרפן מיט בריוו און געבעטן זיך, ער זאָל זיי נאָר מיטנעמען. נאַנסען האָט אויסגעקליבן נאָר 12 מאַן. דאָס זיינען אַלע געווען מענטשן געניטע, דרייסטע און פּאַרליטענע. נאַנסען האָט זיי אַלעמען גוט געקענט און האָט געוואוסט אַז ער וועט זיך אויף זיי קענען פאַרלאָזן. דער ערשטער חבר זיינער איז געווען סווערדרופּ, וועלכער האָט אויך אנטייל גענומען אין דער עקספּעדיציע אויף גרענלאַנד. די איבעריקע חברים זיינען געווען: 2) האַנסען—דער ערשטער לייטענאַנט פון נאָרוועגישן פלאט 3) בלעסינג—דאָקטאָר און באָטאַניקער, 7) יאַקאָבסען—שטורמאַן, פון 15 יאָר אן געשוואומען אויפן ים 5) אַמונדסען—מאַשיניסט, 25 יאָר געדינט אין פלאָט, 6) פּעטערסאָן—צווייטער מאַשיניסט 7 יועל—ממונה איבערן פּראָוויאַנט 8) יאָהאַנסען—לייטענאַנט. ער האָט זיך אָנגענומען צו פאַרנעמען די ערגסטע און נידעריגסטע שטעלע פון אַ הייצער, אַבּי צו נפאָרן מיט נאַנסענען. 9) הענדריקסען—14 יאָר געשוואומען אין אייזיקן ים 10) אָרדאַל—פאַרוואַלטער פון דער עלעקטרישער סטאַנציע, פון קינדווייז אָן געאַרבּעט אין פלאָט, 11) אירגענס מוהשטאַד—אויסגעצייכנטער מעכאַניקער און זעלטענער שיסער 12) בענטצען—יאָרנלאַנג געשוואומען אין די קאַלטע וואַסערן.

ווען די מענטשן זיינען שוין געווען באַזאָרגט, האָט נאַנסען אָנגעהייבּן צו אַרבּעטן וועגן דער שיף. מער ווי אַ יאָר צייט האָט זיך די שיף געבּויט און איז אַרויס זייער קונציק און שיין, מיט אַלע מעלות און מיט אַלע באַקוועמלאַכקייטן. די זייטן פון שיף זיינען געווען קיילאַכדיק כּדי די קריעס זאָלן זיי ניט קענען צושפּאַרן, און ווען די קריעס וועלן זי צונויפּפּרעסן, דאַרף זי זיך אַליין אויפהייבּן. געבּויט איז זי געווען פון איטאַליענישן דעמב און פון אַמעריקאַנער סאָסנע. דער פאָדערשטער און הינטערשטער טייל זיינען געווען באַדעקט מיט אייזן. קיין פייכטקייט האט בשום אופן ניט געקאָנט

דורכגיין. די ווענט האבן געהאלטן אן ארשין די ברייט. זיי זיינען געווען באשלאגן מיט וואליק, וואס איז געווען דורכגעזאפט מיט סמאלע. די באלייכטונג איז געווען עלעקטרישע. אויפן שיף האבן זיך געפונען 8 קליינע שיפלאך.



אין די שיפלאך האט מען זיך געדארפט איבערזעצן אין פאל, ווען די שיף וואלט אונטערגעגאנגען. דער נאמען פון שיף איז געווען „פראַם"—ד. ה.—פארווערטס.

אין חודש אקטאבער 1892 האט מען די שיף אראפגעלאזן אין וואסער און אין יוני 1893 איז זי אפגעפארן פון נארוועגיע.

זייער פיל מענטשן האבן זיך אין דעם טאג צונויפגעקליבן אויפן ברעג, וואו די שיף האט זיך געבויט, כדי צו באגלייטן נאנסענען.

נאנסען באשרייבט אזוי דעם טאג פון זיין אָפּפאָרן: „...דער טאג איז געווען א רעגנדיקער און א אומעטיקער... איך בין אראפגעגאנגען צום ברעג פון ים. דארטן האט שוין געווארט אויף מיר א קליינער שיפל. אלץ, וואס ס'איז מיר געווען ליב און טייער, האב איך געדארפט פארלאזן... וויפיל יאר וועלן אריבערגיין איידער איך וועל קומען צוריק אהער?...צי איז מיר גאר באשערט צו קומען צוריק?... וואס וואלט איך אין דער מינוט ניט אוועקגעגעבן איך זאל ניט דארפן פארן!... דארטן אין דער הייך זיצט די קליינע ליף (זיין טאכטער) און פאטש „קיכעלאך"... גליקלאכעס קינד! דו ווייסט נאך ניט, וואס עס הייסט לעבן, און ווי שווער עס איז צו לעבן!... דאס שיפל פליט דערווייל ווי א פייל פון בויגן. אלץ איז פארטיק. „פראם"ווארט, א גרויסער המון מענטשן איז געקומען זאגן אונז דעם לעצטן „זייט געזונט!"... אט האט זיך „פראם" א ריר געטאן און איז שטיל און רוהיק אפגעגאנגען פון ברעג. דעם לעצטן בליק וואַרף איך אויף דער שיינער הויז אין סאסנאוון וואלד און דערזעה אויף א באנק א ווייסע געשטאלט"...

דאס האט נאנסען דערזעהן זיין פרוי.

„די שווערסטע מינוט, שרייבט נאנסען, איז דאס געווען אין מיין רייזע"...

לאנג זיינען נאנסענס פריינד געשטאנען אויפן ברעג און אים נאכגעקוקט.

„ער וועט שוין צוריק ניט קומען!... האבן פיל געטראכט און האבן זיך שוין געזעגנט מיט אים אויף אייביק...

די ידיעה וועגן נאַנסענס אפפאַרן האט זיך גלייך פאַרשפּרייט אין גאַנץ נאַרוועגיע. אומעטום, וואו נאר ער איז פאַרבייגעפאָרן, האָט מען אים באַגעגנט מיט גרויס פּאַראַד און פרייד „וואָס וועט זיין מיט דיר און מיט אונז, איידער מיר וועלן זיך ווידער זעהן...?‟ האָט נאַנסען געטראַכט, ווען ער האָט זיך געזעגנט מיט דער לעצטער שטאָט פון נאָרוועגיע.



## ג.

עטלאַכע טעג נאָכאַנאַנד איז „פראַם‟ געשוואומען אין געדיכטן און קאַלטן טומאַן. דאָס איז געוועזן אַ סימן, אַז דער אייז־ים איז ניט ווייט. אין וועג האָבן זיי קיין זאַך ניט געטראָפן. דעם 27־טן יולי האָבן זיי באַגעגנט דעם ערשטן אייז און האָבן זיך פון די ערשטע טעג אָן געקענט שוין ערקונדיקן, וואָס פאַר אַ זעלטענע שיף „פראַם‟ איז.

דעם 29־טן איז נאַנסען געקומען קיין כאַבאַראָוו, וואו ס׳זיינען געוועזן פאַר אים אָנגעגרייט 30 הינט. דעם 3־טן אַווגוסט איז אַלץ פאַרטיק געווען. נאַנסען מיט די חברים האָבן אָנגעשריבן די לעצטע בריוו אַהיים. פון דעם טאָג אָן זיינען זיי שוין געוועזן אָפּגעריסן פון דער גאַנצער וועלט. „איינזאַם זיינען מיר געשטאַנען אויפן ברעג—שרייבט גאַנסען—איך האָב זיך פאַרקוקט אויף די חברים פון דער מינוט אָן וועט שוין קיין בשורה פון זיי ניט דערגיין, ביז וואַנען זיי אַליין וועלן זי ניט ברענגען וועגן זייער גליק אָדער אומגליק... וויפיל אָבער וועט זיי אויסקומען אַריבערצוטראָגן פאַר דער צייט?‟...

די שיף איז געגאַנגען פאָראויס און פאָראויס, אַלץ ווייטער און ווייטער, אָפטמאָל פלעגט זי באַגעגענען שטיקער אייז, אָבער זי פלעגט זיי בשלום מיידן. אויפן וועג האָבן די רייזנדער געטראָפן אַ סך אינזלען. ס׳האָט זיך זיי זייער געוואָלט צושטיין צו יעדערן פון זיי און גרינדלאַך באַקאָנען זיך מיט יעדן איינציקן, נאָר די צייט איז געוועזן זייער טייער.

כּל זמן די שיף האָט נאָך געקאָנט דורכשניידן דעם אייז, האָט מען געמוזט פאָרן ווייטער. לעבן אייניקע אינזלען נאָר האָט זיך נאַנסען יאָ אָפּגעשטעלט, כּדי צו פאַרזאָרגן זיך מיט. פרישע הירשן־פלייש און אויך כּדי צו פאַרטרייבן די אומעטיקע צייט. אָפטמאָל פלעגט נאַנסען זייער מיד ווערן אויפן יאַגד און

פאַרטראַכטן זיך. ער פלעגט זיך דאַן דערמאָנען אָן אַלץ, וואָס ער האָט איבערגעלאָזן אין דערהיים און שטאַרק בענקען. באַלד אָבער פלעגט ער פאַרטרייבן די אומעטיקע מחשבות, אונס'פלעגט זיך ביי אים אנהייבן צו שטאַרקן דער פארלאַנג צו גיין אַלץ ווייטער און ווייטער אויף צפון זייט, אַלץ טיפער אין די קאַלטע לענדער פון אייביקן אַייז.



דערווייל האָט זיך אונטערגערוקט דער ווינטער. אין אַווגוסט האָבן שוין אָנגעהייבן צו פאַלן שנייען. אַלע פויגלען זיינען אַוועקגעפלויגן. קיין חיות האָט מען ניט געטראָפן. אויפן האַרצן איז געוואָרן זייער קאַלאַמוטנע. זיי האָבן געוואוסט, אַז באַלד וועט זיך באַהאַלטן די זון און ס'וועט זיך אָנהייבן די שרעקלאַכע פאָלאַרע נאַכט, וואָס געדויערט עטלאַכע חדשים. ניט קוקנדיק אָבער אויף דער שווערער שטימונג, האָבן די רייזנדער אומזיסט קיין צייט ניט געפטרט.

„פראַם" איז געגאַנגען זייער גיך.

„דעם 9 סעפטעמבער האָט ער דערגרייכט דעם לעצטן צפונדיקן-פונקט פון קאָנטינענט—קאַפ-טשעלוסקין. אויף דעם טאָג האָבן זיי לאַנג און אומגעדולדיק געוואַרט, און דער טאָג איז געוואָרן ביי זיי אַן אמתער יום טוב.

„ביינאַכט, שרייבט נאַנסען, בין איך געזעסן און געקוקט אין צפון זייט. אַרום איז געווען פוסט און וויסט. די זון איז שוין לאַנג פאַרגאַנגען. אויפן הימל האָט זיך געזעהן איין שטערן. אומעטיק האָט ער געלויכטן אויפן בלאַסן הימל. ער איז מיר ווי נאָכגעגאַנגען. ער האָט מיר צוגעצויגן צו זיך און באַרואיקט. אפשר איז דאָס מיין שטערן, האָב איך געטראַכט, אַן אויג פון דערהיים, וועלכע גיט אויף אונז השגחה און שמייכלט איצט צו אונז?..."

דעם אָוונט האָבן אַלע פאַרבראַכט יום-טובדיק, גוט געגעסן, געשפילט, געטאַנצט און געהוליעט. איצט האָט זיך געעפנט פאַר זיי אַ פרייער וועג צום ציל. אווועג צום אַייז. וואָס שווימט אויף צפון פון די נייע סיבירער אינזלען.

דאָ האָט זיך געדאַרפט אָנהייבן יענער שטראָם, וועגן וועלכן נאַנסען האָט געקלערט און אויף וועלכן ער האָט אַרויפגעלייגט אַזוי פיל האָפענונגען. „איצט וועט קלאָר ווערן, שרייבט נאַנסען, צי מיין טעאָריע איז אַ ריכטיקע צי ניט. ביז אַהער איז

אַלץ געגאַנגען כשורה, נאָך בעסער ווי איך האָב אויסגערעכנט. מיר שווימען איצט אין אַזוינע וואַסערן, וואו קיין שיף איז נאָך ניט געגאַנגען. „נאָך צוויי טעג זיינען אַריבער. די רייזע איז געגאַנגען בעסער ווי געוואונשן· דער ווינט און דער שטראָם האָבן גיך געטריבן „פראַמען" צו צפון. די רייזנדער זיינען געווען מלא שמחה. ניט לאַנג אָבער האָט געדויערט זייער פרייד, דעם 20.טן סעפּטעמבער איז געווען אַ גרויסער טומאַן. נאַנסען איז זיך רואיק געזעסן ביי זיך אין קאַיוטע. מיט אַמאָל האָט ער דערפילט ווי די שיף האָט געקראָגן אַ שרעקלאַכן שטויס. אַלע זיינען אַרויסגעלאָפן אויפן פּאַלוב און האָבן דערזעהן, אז די שיף איז אַרומגערינגלט מיט אַייז. דער אַייז איז ווי אויסגעוואַקסן אַרום שיף. וואָס פון טאָג איז ער אַלץ געוואַקסן און געוואַקסן. נאָך אַ סך אומזיסטע פּרובן האָט זיך נאַנסען ערקונדיגט, אַז אַרויסגיין פון אַייז-קרייז איז אוממיגלאַך און ס'איז ביי אים געבליבן צוזושטיין צו אַ שטאַרקער קריע, אָפּשטעלן די מאַשין און אָפּוואַרטן, זעהן וואָס ס'וועט זיין.

די זון האָט זיך דערווייל וואָס פון טאָג אַראָפּגעלאָזן אַלץ נידעריקער און נידעריקער, אַלץ נענטער און נענטער האָט זיך געריקט די שרעקלאַכע ווינטער-נאַכט...

## ד.

נאַנסען מיט די חברים האָבן פאַראויסגעזעהן, אַז ס'וועט זיי אויסקומען צו ווינטערן אויפן שיף אין מיטן ים, און זיי האָבן זיך צו דעם צוגעגרייט. אַלע פריערדיקע פּאָלאַרע פאָרשער פלעגן פאַרברענגען די לאַנגע פינסטערע נאַכט אויפן אַייז. חוץ הונגער, קעלט און פאַרשיידענע קראַנקייטן, פלעגן זיי נאָך זייער פיל ליידן פון שרעקלאַכן אומעט. אין אַזאַ צייט ווערט דער מענטש ביי זיך זייער געפאַלן. ס'ווילט זיך אים גאָר נישט ניט טאָן, און ער וויים זיך ניט וואו אַהינצוטאָן. פון אומעט פלעגן זיך די פריערדיקע רייזנדער אָנהייבן צווישן זיך צו קריגן און צו רייסן. נאַנסענס עקספּעדיציע האָט פון דעם ניט געוואוסט און ניט געליטן. זיי האָבן אויפן שיף אַיינגעאָרדנט עטלאַכע וואַרשטאַטן, און יעדערער האָט זיך דאָ געהאַט זיין אַרבעט. ס'זיינען אויך גע-ווען געמיינזאמע אַרבעטן. פאר קיינעם איז קיין זאך ניט געווען צו שווער. נאַנסען דערציילט, אַז די צייט ביי זיי פלעגט אַריבערגיין זייער גיך. אַרבעט איז געווען אַ סך, און ס'איז גאר קיין צייט ניט געווען פאַרן אומעט.

קודם כל האבן זיי זיך גענומען נאָך פאר ליכטיקן, ווען די זון איז נאָך געווען

איינצואָרדנען עלעקטרישע באלייכטונג, זיי האָבן אוועקגעשטעלט א ווינט-מיל. און דער ווינט-מיל האָט געדרייט די ראָד פון דער מאשין, וואָס האָט געגעבן עלעקטרישע באלייכטונג. אין אלע ווינקעלאך איז געוואָרן ליכטיק און לעבעדיק. די שרעקלאכע פּאָלארע נאכט, וועלכע פלעגט ארויפוואַרפן אזא אימה אויף אלע פריערדיקע עקספּעדיציעס, האָט אונזערע רייזנדער גאר ניט געשראָקן. אין משך פון דער נאכט האבן זיי זיך זייער פלייסיק פארנומען מיט אסטראָנאָמישע באָבאכטונגען. יעדערע פיר שעה פלעגן אנדערע צוויי מוזן אכטונג געבן דורך פארשיידענע אינסטרומענטן אויפן הימל, אויף די שטערן, אויף דער צפונדיקער שיין. אלע טאג פלעגט האנזען אָנזאָגן, וואו ס'געפינט זיך די שיף. דאָס פלעגט אלעמען זייער אינטערעסירן. אלע פלעגן זיי זיך דאן צונויפקלייבן אין איין צימער און אומגעדולדיק ווארטן אויף דער ידיעה. ווען ס'פלעגט זיך ארויסווייזן, אז די שיף גייט כּמעט פאמעלאך, אָבער צו צפון זייט, פלעגן זיך אלע פרייען ווי קליינע קינדער; ווען אבער ס'פלעגט זיך ארויסווייזן, אז דאס אייז טראגט זי אין אן אנדער ריכטונג. פלעגן אלע זייער אומעטיק ווערן.

די צייט איז זיך דערווייליע געגאנגען איר גאנג. די טעג פלעגן אריבער-גיין גיך. ווייל יעדערער איז געווען פארנומען מיט זיין ארבעט. אלץ איז געווען איינגעטיילט אין דער צייט און אין דער מאס. אכט אזייגער פלעגט מען אויפשטיין און איבערבייסן. צום פרישטיק פלעגט מען דערלאנגען סוכארעס, קעז, פלייש; דריי מאל א וואך פלעגט מען באקן פרישע ברויט.

נאך פרישטיק פלעגט מען טראגן עסן די הינט און נעמען זיך צו דער ארבעט. איינס אזייגער פלעגט מען זיך צונויפקלייבן צו מיטיק. דער מיטיק פלעגט אויך באשטיין פון 3 געריכטן. זעקס אזייגער פלעגט מען עסן אוונט-ברויט און פארענדיקן די שווערע ארבעט. דערנאך פלעגט מען שפּאצירן. ניין אזייגער פלעגט מען אנהייבן לייענען אדער שפּילן, און אזוי פלעגט אוועק-גיין די צייט ביז האלבער נאכט. 12 אזייגער פלעגן אלע גיין שלאפן, און נאר איינער פלעגט פארבלייבן אויף דער וואך.

און אזוי פלעגן פארגיין א טאג נאך א טאג, א וואך נאך א וואך, אחודש נאך א חודש... דאס ניי יאר האט זיך דערנענטערט.

עטלאכע מאל איז די רייזנדער אויסגעקומען אויסצושטיין גרויסע שרעק. איינמאל זיינען אלע רואיק געזעסן אין עסצימער און געשמועסט. מיט אמאל האט זיך דערהערט א שרעקלאכער קלאפּ, און זיי האבן דערפילט ווי ס'האט א שליידער געטאן די שיף. ניט טויט ניט לעבעדיק זיינען אלע ארויס-

געלאפן פון צימער זעהן וואס ס'האט פּאסירט. ארויסגעוויזן האט זיך איין קליינינקייט–דאס אייז האט זיך א ריר געטאן, און גרויסע קריעס האבן זיך ארום געשפּאלטן און און געקלעטערט איינע אויף דער אַנדערער, אַלע האָבן זיך געשראָקן, אַז „פראַם" וועט ניט אויסהאַלטן. אַזאַ גוואַלדיקן שטויס האָט ער באַקומען. נאָר די שיף איז ארויס גאַנץ פון דער סכנה.

אין משך פון ווינטער זיינען אַזוינע אייז-שטויסן פּאָרגעקומען עטלאַכע מאָל. נאַנסען מיט די חברים זיינען שוין צו זיי צוגעוויינט געוואָרן. זיי זיינען געווען זיכער אין דער שטאַרקייט פון שיף, און זיי האָבן שוין מער קיין מורא ניט געהאַט. זייער געליטן האָבן די רייזנדער פון די ווייסע בערן, וועלכע פלעגן אָפט קומען צו זיי צו „גאַסט" און צורייסן זייערע הינט. די „געסט" וואָלטן משמעות ניט געבראַקירט אויך מיט מענטשן פלייש...

אין די לאַנגע פינסטערע נעכט פלעגט נאַנסען אָפט בלייבנדיק אַליין, זיך דערמאָנען אָן דער ווייטער היים און אָן אַלץ, וואָס ער האָט דאָרטן איבער-געלאָזן. ער איז פאַראַנטוואָרטלאך פאַר אַלע מענטשן, וועלכע האָבן צוליב אים אוועקגעוואָרפן די ווייבער און די קינדער... אים איז שווערער פאַר אַלעמען... אין אַזוינע נעכט פלעגט ער ניט קענען איינשלאָפן און כסדר טראַכטן וועגן דער גרויסער פאַראַנטוואָרטלאכקייט, וואָס ער האָט אויף זיך גענומען... ווי נאָר אָבער ער פלעגט אַרויסגיין צו די חברים, פלעגט באַלד אַרויף דער שמייכל אויפן פנים און ער פלעגט מיט אַלע מיגלאַכקייטן זעהן אונטערצוהאַלטן די גוטע שטימונג.

## ה.

די צייט איז דערווייל ניט געשטאַנען אויף אַן אָרט. דער דעצעמבער האָט זיך געענדיקט, און ס'האָט זיך אָנגעהייבן דאָס נייע יאָר. דעם 31 דעצעמבער האָט נאַנסען פאַרשריבן אין זיין טאָגבוך; „קיין בעסערן ערב ראש-השנה דאַרף מען גאָר ניט האָבן. די פּרעכטיקע צפונדיקע שיין האָט אָנגעצונדן דעם גאַנצן הימל און שטראַלט און בליצט מיט אַלע פאַרבן פון רעגנבויגן. מיין גאַנצן לעבן האָב איך נאָך אַזוינע וואונדערלאכע פאַרבן ניט געזעהן... אָט האָט זיך אויפן הימל באַוויזן אַ מוראדיקע פייערדיקע שלאַנג...

וואָס ווייטער ווערט זי אַלץ העלער, ציט זיך, בויגט זיך, קנייטש זיך. די פאַרבן בייטן זיך, פון די זייטן הייבן זיך אָן צו ציען פייערדיקע שטראַלן, וועל-כע פליען ווי אוראַגאַנען, ווייזן זיך און ווערן פאַרשוואונדן... טויזנטער שטערן

פּאַלייכטן דעם הימל. און אונטן אויף דער ערד ציט זיך אין אַלע עקן־קאַנטן אומגעהייער גרויסע שטומע פינסטערע אײַז־וויסטעניש... דאָס ניי־יאָר האָבן די



רייזנדער באַגעגנט מיט גרויס פרייד. האַלבער נאַכט האָבן זיי לכּבוד יום־טוב איינגעאָרדנט אַ מאָלצייט. נאַנסען האָט געהאַלטן פאַר די חברים אַ רעדע „דאָס אַלטע יאָר, האָט ער געזאָגט, האָט אונז געבראַכט אַ סך גוטס, אָבער אויך זייער פיל צרות. זינדיקן אָבער טאָר מען ניט. לאָמיר האָפן, אַז דאָס נייע יאָר וועט זיין נאָך בעסער פאַר דעם פאַרגאַנגענעם!" ער האָט אַלעמען זייער האַרצלאַך באַדאַנקט פאַר דער נוטפריינדשאַפט און האָט אַרויסגעזאָגט זיין האָפענונג, אַז אויף ווייטער וועלן אויך אַלע לעבן אין שלום און אין אחדות. נאָך דער רעדע האָט מען געטרונקען וויין, געזונגען, געטאַנצט און פאַרבראַכט ביז פאַר טאָג. פון ניי־יאָר האָט דער דאָקטאָר אָנגעהייבן אַרויסצוגעבן אויפן שיף אַ צייטונג. דער אינהאַלט פון דער צייטונג פלעגט באַשטיין פון לידער, ערציילונגען וויצן, רעטענישן א. ד. ג.

די צייטונג האָט נאָך מער פאַרגעניגן פאַרשאַפט די רייזנדער „די שוידער־האַפטיקע שוואַרצע בילדער, מיט וועלכע די פריערדיקע רייזנדער באַשרייבן די ווינטער־נאַכט, זעהען מיר גאָר ניט. — שרייבט נאַנסען, — פון די אַלע צרות, וואָס די פריערדיקע רייזנדער האָבן אַזוי פיל געליטן, ווייסן מיר גאָר ניט. מיר פירן דאָ אַ רואיקן לעבן און האָבן זיך קיינמאָל ניט געפילט אַזוי געזונט ווי איצט. די צוגרייטונג צו דער עקספּעדיציע האָט ביי מיר אַוועקגענומען אַ סך טייערע יאָרן פון מיין לעבן, אָבער איצטער פיל איך ווי נייטיק דאָס

איז אַלץ געווען. איך בין זיכער און צופרידן–מיין ציל האָב איך דערגרייכט. איין זאַך נאָר האָט געשטערט דעם נחת-רוח פון אונזערע רייזנדער–דאָס, וואָס „פראַם" איז געגאַנגען זייער פּאַמעלאַך צו צפון. ביי יעדן טריט פּאָראָויס פלעגט ביי נאַנסענען אָפּלעבן די האָפענונג. „אַ גרינגע און א פרישע פלעגט זי א״יסוואַקסן פון קאַלטן ווינטערדיקן שניי"...

ניט אַזוי פּאַר זיך, ווי פאַר די חברים האָט נאַנסען געזוכט אַ טרייסט.

ער האָט געוואָלט, אַז זיי זאָלן האָבן אַ באַצאָלונג פּאַר אַלץ, וואָס ס'איז זיי אויסגעקומען אויסצושטיין אין וועג–„די העלדן, שרייבט ער, האָבן פּאַרדינט אַ נצחון. ביי אַלעמען איז נאָר איין פּאַרלאַנג–גיין אַלץ פאָראויס צום צפונדיקן פּאָלוס. דאס זעהט מען ביי זיי אין די אויגן. זיי גלויבן אין מיר און אין מיין האָפענונג!..." „וואו אַרבעט, דאָרט איז נצחון!"–אָט דאָס איז געווען נאַנסענס ליבסטער שפּריכוואָרט. און ער האָט טאַקע געזעהן אַלץ פלייסיקער צו אַרבעטן כדי צו דערשלאָגן זיך צו אַ נצחון.

## ו.

נאַנסען האָט אויסגערעכנט, אַז אויב „פראַם" וועט זיך אַזוי רירן ווי אין די לעצטע פיר חדשים, וועט זיי אויסקומען צו שווימען גאַנצע 7 יאָר, איידער זיי וועלן קומען דורכן פּאָלוס צוריק אַהיים.

און ביי אים איז שוין פאַרטיק געוואָרן אַ נייער פּלאַן, און ער האָט זיך שוין אָנגעהייבן צו גרייטן, ווי אַזוי אים אויסצופירן. ער האָט אָנגעהייבן אָפּטער אַרויסצוגיין אויפן פראָסט, צוגעוויינען זיך צו קעלט, זייער לאַנג אַרומפאָרן אין שליטן, און וועלכן עס זיינען געווען איינגעשפּאַנט הינט.

נאַנסענס פּלאַן איז באַשטאַנען אין פאָלגנדעם: אַזוי ווי די שיף גייט זייער לאַנגזאַם, דאַרף מען זי פּאַרלאָזן, און אַוועקלאָזן זיך נאָר מיט איין חבר צופוס אָדער אויף הינט צום צפונדיקן פּאָלוס. נאַנסען האָט גוט פּאַרשטאַנען, אַז דאָס וועט זיין זייער אַ געפערלאַכע רייזע, אז ער קען דאַן גרינג אומקומען אויפן וועג פון הונגער און פון פראָסט. זייער שווער איז געווען צו טראַכטן וועגן דעם, אָבער נאָך שווערער איז געווען דער געדאנק, אז פון גאנצן פלאן וועט גאָרניט ווערן, אז ער וועט ניט דערגרייכן דעם ציל, צו וועלכן ער האָט געשטרעבט, און אלע זיינע האָפענונגען וועלן פלאצן... און אז נאנסען האָט זיך גענומען צו א זאך, האט ער דאָס געמווט אויספירן. „איך זעה פאר זיך נאָר איין וועג, האָט נאנסען געשריבן,–דער וועג איז פאָרוערטס!"

אָבער ס'איז געגאַנגען צו פרילינג. אין פרילינג איז געווען שווער אויס. צופירן דעם פּלאַן, און נאַנסען האָט געוואַרט...

כּוף ווינטער זיינען די קעלטן געוואָרן זייער שטאַרק. די פראָסט פלעגן דערגיין ביז 50 גראַד. די רייזנדער זיינען שוין אָבער אַזוי צוגעוויינט געוואָרן צו קעלט, אַז ס'האָט זיי שוין ווייניק וואָס געאַרט. אָגב האָבן זיי געוואוסט, אַז דער ווינטער וועט שוין לאַנג ניט דויערן. דער פרילינג, און צוזאַמען מיט אים די זון, וועלן זיך באַלד ווייזן... דעם טאָג, ווען די זון האָט זיך באַוויזן נאָך דער לאַנגער פינסטערער נאַכט, האָבן זיי אַ נאָמען געגעבן „דער גרויסער יום־טוב פון דער זון". דאָס איז געווען דער 8 פעברואַר „דער פּאָלאַרער פרילינג, שרייבט נאַנסען, קומט אפילו ניט צו דעם נאָרוועגישן. ביי אונז אין לאַנד הייבט זיך אָן אין פרילינג גאָר אַ ניי לעבן. אַלץ וואַכט אויף פון ווינטערדיקן שלאָף, אַלץ גרינט, וואַקסט, לעבט... דאָ זיינען גאָר אַנדערע בילדער. קיין וועלדער לעבן ניט אויף, קיין פעלדער ווערן ניט גרין, קיין טייכלאַך מורמלען ניט, קיין פרילינגס־לידער הערט מען ניט... אָבער דאָך ווערט דער מענש אין פרילינג אפילו דאָ גאָר אַן אַנדערער..."

אין משך פון זומער האָט זיך די שיף באַוועגט גיכער ווי ווינטער, אָבער דאָך זייער לאַנגזאַם.

די באַוועגונג איז געווען ניט קיין שטענדיקע. אָפּטמאָל פלעגט דער ווינט אַוועקטרייבן די שיף אויף דרום. נאַנסען האָט פעסט באַשלאָסן צו פאַרלאָזן די חברים און נאָר מיט איין חבר אַוועקלאָזן זיך צום פּאָלוס. דעם גאַנצן זומער האָט ער זיך געגרייט צו דער רייזע. ער האָט אויך דערציילט די חברים דעם נייעם פּלאַן זיינעם, און זיי האָבן אים אויך מיטגעהאָלפן צו־צוגרייטן אַלץ, וואָס ס'איז נויטיק צו דער רייזע.

חוץ דער שטענדיקער אַרבעט פלעגן זיך די רייזנדער אין משך פון זומער פאַרנעמען מיט יאָגד אויף ווייסע בערן, שיסן פויגלען און לערנען זיך שווימען אין קליינע שיפלאַך. פאַר דער צייט פון זומער האָבן זיי איינגעאָרדנט אויפן שיף אויך אייניקע יום־טובים. דעם 17־טן מאַי איז אין גאַנץ נאָרוועגיע אַ פאָלקס יום־טוב. אין דעם טאָג האָט זיך נאָרוועגיע פאַראייניקט מיט שוועדן. דעם יום טוב האָט מען מיט גרויס פּאַראַד געפייערט אויפן שיף.

געפייערט האָבן זיי אויך דעם טאָג, ווען זיי זיינען אַרויסגעפאָרן פון נאָרוועגיע.

אין משך פון זומער האָבן זיך אַלע פאַרנומען מיט פאַרשיידענע וויסנ- שאַפטלאַכע אויספאָרשונגען – אויסגעמאָסטן די טיף פון ים, אויסגעפאָרשט די בעלי-חיים און די פלאַנצונגען, וועלכע געפינען זיך דאָרטן א. ד. ג. —

„פון אינדערפרי ביז נאַכט, שרייבט נאַנסען, זיץ איך איבערן מיקראָסקאָפּ און זע גאָרניט, וואָס עס טוט זיך אַרום מיר. אין קאַלטן צפונדיקן ים, וואס אַלע האַלטן פאַר דער מלוכה פון טויט, שוויבלט און גריבלט מיט מיליאנען לעבעדיקע באַשעפענישן"... דער זומער איז אַזוי גיך אַריבערגעלאָפן, אַז קיינער האט זיך גאר ניט אַרומגעזעהן ווי ער איז ניט געוואָרן. אין אַווגוסט האָבן שוין אַלע אָנגעהויבן צו מערקן, אַז די טעג ווערן קירצער, ס'האָבן זיך ווידער אָנגעהייבן די פרעסט מיט די קאַלטע ווינטן. די רייזנדער האבן זיך גענומען גרייטן צו דער צווייטער ווינטער-נאַכט.

אַ גאַנצער יאָר איז אַריבער, צייט זיי געפינען זיך אין די קאַלטע לענדער, און אַלע זיינען זיי געזונט, פריש און פריילאך. קיינער בענקט ניט אַהיים, קיינער קלאָגט זיך אויף קיין זאַך ניט. זיי האָבן געפונען, אַז דאָס גאַנצע מענטשלאַכע לעבן בכלל איז אַ שטענדיקער איבערגאַנג פון איין אַרבעט צו דער צווייטער. אַלץ איז געווען לרוב, קיינער איז ביי זיך ניט געפאַלן. אַלע האָבן געוואַרט און געהאָפט.

איידער די נאַכט האָט זיך אָנגעהייבן האָבן אַלע געזעהן וואָס בעסער זיך אויסצולערנען צו גיין אויף שליט-שיך. דאָס איז, נאָך נאַנסענס מיינונג, געווען זייער נויטיק אין פאַל פון אַן אומגליק, ווען ס'זאָל חלילה אויסקומען צו פאַרלאָזן די שיף. און אַזוי ווי די האַרץ וואָלט אים געזאָגט, אַז ס'וועט זיך טרעפן אַ אומגליק. שיר שיר זיינען זיי דאַן אַלע ניט אומגעקומען. דאָס איז געווען אַרום קאַלייט-צייט. זיי זיינען געזעסן אין זאַל און געפייערט איינעמס אַ געבורטס-טאָג. פינף אַ זייגער ביינאַכט... עמיצער האָט פּלוצלונג די שיף אַ טרייסל געגעבן, און זי האָט אַ ציטער געטאָן. גלייך נאָכדעם האָט זיך דערהערט אַ שרעקלאַכער קלאַפּ און אַ שטויס. דאָס איז האָט זיך אָנגעהייבן באַוועגן. ניט טויט, ניט לעבעדיק, זיינען די רייזנדער אַרויסגעלאָפן און האָבן דערזעהן, אַז ס'איז שלעכט. וואָס ווייטער זיינען די קלעפּ געוואָרן אַלץ שטאַרקער, דאָס איז העכער, און סוף. כל סוף האָבן די קויעס אָנגעהייבן אָנצושפּאַרן אויפן לינקן זייט פון שיף. וואָס ס'איז נאָר מיגלאַך געווען, האָבן זיי אַרויסגענומען פון שיף אויפן אייז. אַ גליק וואָס די לבנה האָט געשיינט, און זיי האָבן געזעהן ווי זיך צו ראַטעווען. ניט קוקנדיק אויף דער גרויסער סכנה, זיינען אַלע געווען רואיק און מוטיק אויס-

געוואַרט וואָס דאָ וועט זיין. „פּראם” האָט אָבער אויסגעהאַלטן.

ניט קוקנדיק אויף אַלע צרות, וואָס זיי האָבן געליטן, האָבן זיך די רייזנדער נאָך געפרייט, וואָס ס'האָט זיך זיי אַיינגעגעבן צו מאַכן פאַר דער לעצטער צייט נאָך עטלאַכע קילאָמעטער אויף צפון. צום 10 יאַנואר האט זיך דאָס אַייז בּאַרואיקט, און דאָס לעבן פון די רייזנדער איז אַוועק ווי פריער. די שיף האָט מען אויסגערייניקט און מ'האָט זיך ווידער אָנגעהייבן צו גרייטן צו נאַנסענס נייער נסיעה צופוס צום פּאָלוס.

ז.

די נסיעה דורך גרענלאַנד, אן ערך 500 קילאָמעטער, האָט נאַנסען דורכ־געמאַכט אין 65 טעג. איצט האָט נאַנסען געהאַט דורכצוגיין ביזן פּאלוס 735 קילאָמעטער. נאַנסען האָט אָבער גערעכנט, אַז די איצטיקע לאַגע זיינע איז אַ סך אַ בּעסערע, און דעריבער וועט בּיי אים איצט די רייזע געדויערן וויני־קער ווי פריער. איצט האָט ער מיט זיך גענומען אַ סך פּראָוויאַנט און 28 הינט, וועלכע האָבן געדאַרפט שלעפן די שליטנס. דער ציל פון נאַנסענס צופוסיקער רייזע איז געווען — וואָס נענטער צוצוגיין צום פּאלוס און אויספאָרשן די אומ־בּאַקאַנטע לענדער, וואָס געפינען זיך אין אַייזיקן אָקעאַן.

ווי שטאַרק ס'איז ניט געווען נאַנסענס ווילן אַוועקצולאָזן זיך צום פּאָלוס, דאָך איז אים פּאָרט שווער געווען זיך צו שיידן מיט די חברים. מער וועט ער שוין נים הערן זייער פריילאַכן געלעכטער, מער וועט ער שוין מיט זיי ניט ריידן, מער ניט פּאַרברענגען... „מע מוז אָבער ריזיקירן, שרייבּט ער, מע מוז גיין פאָראויס!... איך בּין זיכער, אַז אונזער נסיעה וועט ברענגען אַ סך נוצן, און דעריבער מוזן מיר זי דערפירן ביזן סוף”...

נאַנסען האט זיך לאנג מישב געווען, וועמען פון די חברים מיטצונעמען. יעדערער פון זיי האָט געהאט חשק צו גיין מיט אים, נאָר אַלע זיינען זיי געווען נייטיק אויפן שיף. איין יאָהאַנסען נאָר איז כמעט ווי פריי געווען, און אים האט נאַנסען מיטגענומען. אגב איז יאָהאַנסען געווען בעסער פאַר אַלע איבעריקע חברים צוגעפּאַסט צו דער צופוסיקער רייזע. ער איז גוט געגאַנגען אויף שליט־שיך, ער איז געווען זייער אַ פאַרליטענער, האָט ניט מורא געהאַט פאַר קיין קעלט.

וואָס די חברים האָבן נאר געקאָנט, האָבן זיי אַלץ געטאָן, כדי צו פאַר־לייכטערן נאַנסענען זיין רייזע. זיי האבן אים פאַרזארגט מיט יעדער קלייניקייט.

ווייל זיי האָבן גוט פאַרשטאַנען, אַז אין אַזאַ וועג קען ער אַפילו צוליב אַ קלייניקייט פאַרפאַסטן מיטן לעבן.

נאָר אָט איז שוין אַלץ פאַרטיק. צוויי קליינע שיפלאַך, עטלאַכע שליטנס, די נייטיקע אינסטרומענטן, פעלענע זעק אויף צום שלאפן, אַן אַפּטייקל עסנוואַרג א. א. וו.

נאַנסען זעגנט זיך מיט די חברים... דאָס געזעגענען זיך איז אַלע מאָל אַ שווערע זאַך, די סצענע אָבער ווי אַזוי נאַנסען האָט זיך געזעגנט מיט די חברים און ווי אַזוי יעדערער פון זיי האָט זיך דאַן געפילט, איז גאָר שווער צו באַשרייבן.

נאַנסען איז אַוועק. נאָר באַלד האָט ער זיך אומגעקערט צוריק — אין וועג האָט זיך בייַ אים צובראָכן אַ שליטן. דריי מאָל האָט זיך נאַנסען געזעגנט מיט די חברים, און דריי מאָל האָט ער זיך צוריקגעקערט. צום ערשטן מאָל צוליבן שליטן, דעם צווייטן מאָל האָט ער פאַרקלענערט די פּאָרציע עסנוואַרג. דעם דריטן מאָל איז שוין אַלץ געווען אין בעסטן אָרדענונג. ער איז אַוועק און איז שוין מער ניט געקומען...

# ה.

פון ערשטן טאָג אָן האָט שוין נאַנסען דערפילט די שוועריקייטן פון דער צופוסיקער רייזע. כל זמן דאָס אייז איז געגאַנגען גלייך און גלאַט, איז נאָך געווען אַ האַלבע צרה. אָבער אין אַ פּאָר טעג אַרום האָבן הויכע קופּעס שניי און אייז-בערג פאַרשטעלט דעם וועג. די רייזנדער פלעגן בלייבן אָן כחות שלעפּנדיק די שליטנס איבער די בערג. אין אַ סך ערטער איז דאָס אייז געווען צושפּאָלטן און ס'פלעגט אויסקומען די ערטער צו מיידן, אָנלייגן יעדן מאָל איבעריקע עטלאַכע קילאָמעטער. די רייזנדער האָבן אבער אויף קיין זאַך ניט געקוקט. זיי זיינען געגאַנגען אַלץ ווייטער און ווייטער פון 10 ביז 15 קמ. אַ מעת-לעת. אין צען טעג אַרום האָט זיך דער וועג גאָר אינגאַנצן איבערגע-פירט. דער ווינט און דער פראָסט זיינען געוואָרן שטאַרקער. די הינט האָבן אָנגעהייבן צו פאַלן. די רייזנדער אַליין פלעגט אויסקומען צו שלעפּן די שליטנס. פאַרן טאָג פלעגן זיי זיך אַזוי אָנמאַטערן, אַז זיי פלעגן אָפּטמאָל גייענדיק אַנטשלאָפן ווערן און פאַלן ווי געהרגעטע. אויפן פרייען פעלד איז אָבער געווען געפערלאַך צו שלאָפן און דעריבער פלעגן זיי אַלע אָוונט אויסקלייבן אַן אָרט. וואָס איז געווען פאַרשטעלט פון ווינט כאָטש מיט אַייז ייי פלעגן פונאַנדער-

נעמען די ביידלאַך, אַריינקריכן אין די זעק און אַזוי אַנטשלאָפן ווערן. זייער אָפּט פלעגט זיי ווארפן ווי אין אַ קדחת. זיי פלעגן זיך צוטולען איינער צום אַנדערן כדי עטוואָס מער זיך אָנצוואַרימען. אַ פּאָר שעה פלעגט אויסקומען אַזוי צו ליגן, ביז וואַנען די קליידער פלעגן אָפּגיין. דאַן פלעגן זיי זיך נעמען צום עסן. אַ גאנצן טאג פלעגן זיי טראכטן וועגן עסן, און אז די גליקלאַכע מינוט פלעגט שוין יא אנקומען, פלעגן זיי דאן זיין אזוי פארמאטערט, אַז אָפּטמאָל פלעגט ביי זיי דער ביסן פון מויל ארויכפאלן, און זיי פלעגן אַנט-שלאפן ווערן הונגעריקע... אינדערפרי פלעגן זיי אויף גיך אָפּעסן, פאַרנאָטירן אין די טאג-ביכער אלץ, וואָס ס'האָט פאסירט אין דעם טאָג, און לאָזן זיך ווייטער אין וועג אַריין.

„אָפּטמאָל, שרייבט נאַנסען, פלעגן מיר זיך פילן אזוי מיד, אז מיר וואָלטן, דאכט זיך, בשעת מעשה אלץ אין דער וועלט אוועקגעגעבן נאָר מע זאל אונז לאָזן אריינקריכן אין די זעק און אָפּשלאָפן כאָטש אַ מעת-לעת... נאָר מע טאָר זיך אזא תענוג ניט אָנטאָן. ס'איז ניטא קיין צייט, מע מוז זיך איילן אויף צפון!...“

נאנסען פלעגט אלע מאָל גיין פאָראויס, ער איז געווען דער וועגווייזער. נאָך אים פלעגט גיין דער ערשטער שליטן, און פון הינטן – יאָהאנסען מיט די צוויי איבעריקע שליטנס. די הינט האָבן זיך שוין אזוי צוגעוויינט צו די מענטשן, אז זיי פלעגן שוין אַליין נאָכגיין נאָך זיי.



אויפן גלאַטן וועג איז אַלץ געגאַנגען כשורה. קוים אָבער פלעגט דער וועג ווערן ניט אזוי גלאַט, פלעגן זיך די הינט גלייך אָפּשטעלן און ס'פלעגט אויס-קומען זיי צו טרייבן און אָפּטמאָל אַפּיל צו הרגענען.

„פאַר זיי טוט מיר נאָך איצטער ווי דאָס האַרץ, שרייבט נאַנסען, – אויף זיי איז געווען אַ ביטערער רחמנות. זיי פלעגן אַלע מאָל זיין הונגעריק און האָרעווען איבערן כח. קיין ברירה איז אָבער ניט געווען, מ'האָט געמוזט גיין פאָראויס“... אַזוי ווי גיין ווייטער איז געווען אוממיגלאך, האבן זיי זיך געזעצט וואַרטן ביז וואַנען דער וועג וועט זיך עטוואָס פאַרבעסערן. אַ גאַנצן חודש איז אויסגעקומען צו וואַרטן. דעם 6-טן יולי איז ארויס אַ רענן און האט אָפּגעשווענקט

דעם שניי, ווען לכער האט געשטערט די רייזע. נאַנסען מיטן חבר האָבן זיך ווידער אַוועקגעלאָזן אין וועג אַריין. דעם 24.טן יוני האבן זיי דערזען פון ווייטן ערד.

— „דער נס איז געשען! שרייבט נאַנסען: אַ נייעס לעבן הייבט זיך אָן פאר אונז. לאנג האָבן מיר געחלומט וועגן ערד ווי וועגן עפּעס אַ פאַרכשופטן לאנד. און אָט זעהען מיר ערד... אונזערע הערצער האבן אנגעהייבן שטאַרק צו קלאַפּן און פאר פרייד האבן מיר ניט געקאנט ריידן"... אָבער איידער זיי זיינען דערגאַנגען צו דער ערד, זיינען אריבער גאַנצע 13 טעג. דעם 15-טן אויגוסט האט זיך זיי קוים מיט צרות איינגעגעבן צוצושטיין צו אַ אינזל. עטלאכע טעג האָבן זיי נאך געפּרובט שווימען צו דרום צו. דערנאָך האבן זיי זיך ארומגעזען, אַז צו אַ ברעג איז נאך ווייט און זיי האבן זיך צוריקגעקערט אויפן זעלביקן אינזל. דערווייל האט זיך אנגעהייבן דער סעפּטעמבער. אין אַ קורצער צייט ארום הייבט זיך אן די ווינטערנאַכט. נאַנסען מיטן חבר האבן באשלאָסן צו פאַרבלייבן ווינטערן אויפן אינזל און האבן זיך קודם כל גענומען צו בויען אַ שטוב. בויען אַ שטוב אויף אַ וויסטן אינזל אָן קיין שום געצייג איז ניט פון די לייכטע זאַכן. אַ וואָך צייט האט דאס ביי זיי געדויערט. זיי האָבן געהארעוועט ווי די אייזלען פון באגינען ביז שפּעט ביינאַכט. מיט די היילע הענט האבן זיי געדארפט אויסברעכן שטיינער, גראָבן אַ גרוב, צונויפלייגן די שטיינער, מאכן ווענט, אַז די ווענט זיינען שוין ווי עס איז פארטיק געוואָרן, האָט מען זיך געדארפט נעמען צום דאַך. אַפן ברעג איז געלעגן אַ גרויסע קלאָץ. אַ גאַנצן טאג האט יאָהאַנסען געהאָרעוועט איידער ער האט מיט אַ קליינער העקעלע צוהאַקט די קלאָץ אויף ברעטלאַך. די ברעטלאך האט ער אריבערגעלייגט איבער די ווענט, באדעקט זיי מיט פעל, און דער דאַך איז פארטיק געוואָרן. מ'קען זיך פאָרשטעלן ווי דאָס הייזל זייערע האט אויסגעזען. דריי אַרשין די לענג און דריטאלבן די ברייט. אז נאַנסען פלעגט זיך אויסציען אויף דרערד, פלעגט ער זיך מיט דעם קאָפּ אנשפּארן אָן איין וואנט און מיט די פיס — אָן דער אַנדערער. קיין טיר איז ניט געווען. אַנשטאט איר האָבן זיי אויסגעמאַכט אַ לאָך אין ווינקל פון שטוב און דורך דער לאָך פלעגן זיי אַריין און אַרויספּויזען אויף אלע פיר. פאַר דער טיש, פאר אַ בעט און פאַר בענק האָבן געדינט פּראָסטע שטיינער, אי דאס שפּיציקע, ניט קיין גלאטע. אָבער דאך איז געווען בעסער ווי אויף דרויסן. אין הייזל האט מען זיך געקאנט אַ ריר טאָן און אַ דריי טאָן, מ'האט אזוי ויט געליטן פון די בייזע ווינטן. אַז די דירה איז פארטיק געוואָרן,

האט מען זיך געמוזט נעמען צו פארזאָרגן מיט עסנוואַרג אויף ווינטער. דאָס איז אויך באלד געטאן געווארן. זיי האָבן געשאסן עטלאַכע ים-הינט און ווייסע בערן און געהאט שפייז לָרוב. ענדע סעפּטעמבער האָבן זיי זיך ארייגעקליבן אין דער נייער דירה. עטלאכע ווייסע בערן זיינען באַלד געקומען צו זיי אָפּגעבן זיי מזל-טוב לכּבוד זייער חנוכּת הבית, נאר זיי האבן די „געסט" גאַנץ לייכט פּאַרטריבן.

די טעג האבן דערווײַלע אנגעהייבן אויסצוגיין ווי אַ ליכט. דעם 15-טן אקטאבער איז געווארן גאר פינסטער. צום דריטן מאל איז אונזערע רייזנדער אויסגעקומען אריבערצוקומען די פאלאר נאכט. אלץ ארום איז פארפראָרן געווארן. די פייגלען זיינען זיך צופלויגן, די ים-הינט האבן זיך אויפגעהערט צו ווייזן אויפן אייז, אפילו די בערן האבן אויך אויפגעהערט צו קומען צו גאסט. אלץ איז שטיל געוואָרן, ווי אויסגעשטאָרבן. און אין דער טויטער וועלט האָבן נאר צוויי מענטשן געלעבט, געלעבט און געהאָפט ... אָך און ווי איז געוועזן צו אַזאַ לעבן, אין פינסטערניש, אין רויך, אין שמוץ און אין אומעט. אַלע מעשיות וואס זיי האָבן געהאט האבן זיי זיך שוין לאנג אויסדערציילט. אַלע טאָג דיזעלבע געדאַנקען, דיזעלבע ווערטער. קיין ביכער האבן זיי ניט געהאַט. חוץ אַן אַלטן לוח וועלכן זיי האבן אזוי פיל מאל געלייענט, אַז זיי האבן אים געקאָנט אויף אויסווייניק. אין משך פון ווינטער זיינען זיי פאַרוואַקסן געוואָרן ווי חיות. זיי פלעגן זיך דערמאנען אָן דעם ווי ס'האט זיך געלעבט אויפן שיף און ס'האט זיך זיי געדאַכט אַז דארטן איז געוועזן אַ גן עדן.

ניט קוקנדיק אויף אַלע צרות האָבן זיי דאָך די האפענונג און דעם מוט ניט פארלאָרן. עס זיינען נאך אפילו געוועזן מאמענטן ווען זיי האבן געהאַט דעם גרעסטן נחת רוח. דאס פלעגט פארקומען, ווען זיי פלעגן ארויסגיין אין דרויסן שפאצירן. אמת, דער פראסט פלעגט ברענען, אבער דער פארגעניגן פלעגט זיין אַזוי גרויס, אַז זיי פלעגן ניט קענען ביישטיין דעם נסיון. אין די וואונדערלאַכע לבנה-נעכט פלעגט דער גאַנצער געגנט זיין אַזוי שיין, אַז ס'פלעגט זיך זיי דאַכטן, אַז זיי געפינען זיך עפּעס ערגעץ אין אַ פארכשופטן לאַנד. די גרויסע שטיקער אַייז פלעגן אין שיין פון דער לבנה פארוואנדלט ווערן אין מאַרמאָרנע פּאַלאַצן ... „עס פלעגט אונז וואַרפן אַ צאָן אָן אַ צאָן — שרייבט נאַנסן, אבער מיר פלעגן ניט קענען אפּרייסן די אויגן פון אויסגעשטערנטן הימל ... אָן אַלץ פלעגן מיר דאַן פארגעסן! ... היינט די צפונדיקע שיין! ... די דאזיקע בילדער וועלן אויף אייביק פארבלייבן ביי אונז אין זכרון. אַרום און

אַרום אונז אין שטאָק פינסטער. מיט אמאל צושיט זיך איבערן צפון־זייט פון הימל אַ רעגן שטראַלן... ווי דינע זילבערנע פעדים בלישטשען זיי, בייטן די קאָלאָרן און פינקלען. ס'ווערט אזוי פריילאַך אויפן האַרצן. דאס האַרץ ציט זיך צו אַן אַנדער ליכט. וואס געפינט זיך אין דערהיים, וואו ס'איז ליכטיק און וואַרים, וואו אלע ליבע זיצן פארטרויערט און וואַרטן אויף אונזער קומען"...

**י.**

סוף פעברואַר איז אויפגעגאַנגען די זון און ס'האָט זיך אָנגעהייבן דער פרילינג. דער פרילינג האט געבראַכט פארשיידענע פויגלען, און חיות. ס'איז געוואָרן פריילאכער אויפן האַרצן. די רייזנדער האבן דערשאָסן עטלאכע בערן, און האבן ווידער געהאט פלייש מיט שמאַלץ אויף אַ לאנגע צייט. נאָכדעם האָבן זיי זיך גענומען צו דער ארבעט: אַרומזען, פאררוכטן און פאַרנייען די זאַכן זייערע. אַרבעט איז געוועזן זייער פיל. סוף מאַי איז אלץ ביי זיי פארטיק געוואָרן, און זיי האָבן זיך אַוועקגעלאָזן אויף דרום. פאַרן אַוועקגיין האָט נאנסען איבערגעלאָזן אין הייזל אַ באַריכט פון זיין רייזע. אין משך פון ווינטער זיינען די פיס זייערע אָפגעוואוינט געוואָרן פון גאנג און ס'איז זיי די ערשטע טעג געוועזן זייער שווער צו גיין. אָבער דער געדאנק, אַז יעדער טריט דערנענטערט זיי צו דער ליבער היים, האט זיי געשאפן דעם מוט און געגעבן כח. זיי האבן אויף קיין זאַך ניט געקוקט. דער וועג איז אָבער געוועזן זייער שלעכט, דאָס אַייז איז צו־גאנגען, און ס'איז געוואָרן סכנות נפשות צו גיין. מיט גרויס אומגעדולד האָבן זיי געוואַרט אויפן מאָמענט, ווען ס'וועט זיך זיי איינגעבן צו פאָרן מיטן וואסער.



דאַן וואלט די רייזע געגאנגען לייכטער און גיכער. ביז ענדע מאַי זיינען זיי ווינציק וואס אַיינגעגאַנגען, דער שטורים־ווינט און דער רעגן האבן זייער גע־שטערט. דערווייל האבן זיי זיך ארומגעזען, אז ס'איז שוין ניטאָ וואס צו עסן. קיין חיות האבן זיך ניט געמאכט, און ס'איז געוואָרן ניט פריילאַך. פאר נויט

האבן זיי דערהרגעט אַ ים־פערד און האבן צוגעביסן, הגם די פלייש זיינע איז זייער ניט געשמאק און עקלהאפט. זעקס טעג נאכדעם זיינען זיי געלאָפן אויף שליט־שיך און ערשט אויפן זיבעטן טאג האבן זיי געטראפן אַ וואסער. די וואלן פון ים האבן זיי זייער דערפרייט. מיט גרויס שמחה האבן זיי אראָפגעלאָזן די שיפלאך אין וואסער און זיינען אוועקגעשוואומען אין דער דרומדיקער ריכטונג.

אַ גאנצן טאג האבן זיי שווער געארבעט מיט די רודערס און נאר בײ־נאכט האבן זיי זיך ערלויבט צוצושטיין צום אייז כדי אָפצורוען זיך אביסל. זיי האבן צוגעבונדן די שיפלאך צום ברעג און זיינען אַוועק מיטן ברעג באקוקן דעם געגנד. זיי זיינען ארויף אויף א בערגל און אנגעהייבן ארומצוקוקן זיך מיט אמאל דערזעהען זיי, אז די שיפלאך האבן זיך אפגעריסן, און דאס וואסער האט זיי אוועקגעטראגן. מ׳קען זיך פארשטעלן ווי ס׳איז זיי געווארן אויפן הארצן. אָן די שיפלאך האבן זיי זיך פון ארט ניט געקענט רירן. מיט גרויס אימפעט האבן זיי זיך ביידע אלאָז געטאן צום ים. נאנסען האט גלייך אראפ־געוואָרפן פון זיך די אויבערשטע קליידער און האט זיך אריינגעווארפן אין ים נאכיאָגן די שיפלאך.

דאס וואסער איז געווען ש־עקלאך קאלט. שווימען אין די זאכן איז געווען זייער שווער. דער ווינט האט אלץ ווייטער און ווייטער געטראגן די שיפלאך פון ברעג. נאנסען האט געפילט, אז די כחות גייען אויס ביי אים, אז אלע גלידער זיינע ווערן פארגליווערט פון קעלט, נאר ער האט געארבעט מיט די לעצטע כחות און ביז דער לעצטער מינוט זיך ניט מיאש געווען. „ס׳איז אלץ איינס, האט ער זיך געטראכט, אזוי א טויט צי אזוי טויט! אָן די שיפלאך וועלן מיר סיי ווי סיי שטארבן"... אז ער איז אינגאנצן אפגעשוואכט געוואָרן, האט ער זיך איבערגעקערט אויפן רוקן כדי זיך אפצורוען. דערווייל איז דער מהלך פון די שיפלאך ביז אים קלענער געווארן. דאס האט אים נאך מער מוט צוגעגעבן, און ער האט שטארקער אנגעהייבן צו שווימען באלד האט זיך אים איינגעגעבן אנצוכאפן דעם שטעקן, וואס איז געווען צוגעשלאגן צו ביידע שיפלאך. נאנסען וואונדערט זיך זייער ווי אזוי ס׳האט זיך אים איינגעגעבן אריינצוקריכן אין א שיפל. ס׳האבן זיך, זאגט ער, ביי אים געפונען גאר ניט קיין מענטשלאכע כחות. זיצנדיק אין שיפל האט ער ערשט דערפילט דעם טעם פון דער קאלטער „וואנע". ס׳האט אים געווארפן איילנווייז. איין מיטל איז פאר־בליבן כדי ניט צו שטארבן אין שיפל פון קעלט — וואס שטארקער צו ארבעטן מיטן רודער. שלעפן צוויי צונויפגעבונדענע שיפלאך אנטקעגן ווינט איז געווען

וייער שווער. מאמענטנווייז האט זיך איס געדאכט, אז ער וועט צום ברעג ניט צושטיין ... מיט אמאל דערזעט ער צוויי פינגווינען (פויגלען). ווי א בליץ איז ביי איס אין קאפ דורכגעפלויגן א געדאנק, ווי גוט ס'וואלט געווען נאך אזא שווערער ארבעט צו פארבייסן מיט פרישע פלייש. גלייך האט ער געכאפט דעם ביקס און תאט אוועקגעלייגטביידע פויגלען אויף אן ארט.



יאהאנסען איז דערווייל געשטאנען אויפן ברעג און האט ניט געוואוסט, וואס איבערצוטראכטן. דערהערט א שאס און דערזען, אז נאנסען בייגט זיך איין איבערן שיפל, האט ער געמיינט, אז זיין טייע־דער חבר איז גאר משוגע געווארן...

נאנסען וואונדערט זיך ווי אזוי ער האט גוט אפגעשניטן פון אזא קאלטער באד. יאהאנסען האט אים איינגעוויקלט אין טרוקענע קליידער, האט אים געמאכט א ווארימען אוונט-ברויט און האט אים געלייגט שלאפן. נאנסען האט זיך דורכגעווא רימט, און אויף מארגן האט ער זיך שוין געפילט פריש און געזונט.

אין א טאג ארום האבן זיי זיך געזעצט אין די שיפלאך און זיי זיינען אוועקגעפארן ווייטער. דעם 17 יוני איז דער טומאן פונאנדערגעגאנגען, און נאנסען איז ארויסגעגאנגען אויפן ברעג באקוקן דעם אומבאקאנטן געגנט. ער איז ארויפגעקראכן אויף א בארג, און צוגעהערט זיך צו די טויזנטערליי קולות פון די ארומיקע פויגלאך, וואס האבן אים דערמאנט אן לעבן. ער האט זיך ארומגעקוקט און געזען ארום זיך נאר שווארצע הוילע פעלזן און טיפע טאלן באדעקטע מיט אייז. ער איז געשטאנען און געטראכט, אז אין די דאזיקע ערטער איז נאך אודאי קיין מענטש ניט געווען. מיט אמאל האט ער דערהערט עפעס א מאדנעם קול און האט איינגענצן א ציטער געטאן. עפעס אזוי ווי א הונט וואלט נעבולן ... נאך אמאל, א דריטן מאל — דאס זעלבע ... נאנסען האט אליין ניט געגלויבט, אז דאס זאל זיין א הינטישער ביל. ער האט זיך גענומען איינריידן, אז דאס האט זיך אים אפגעדאכט; גיכער האט דאס א פייגעלע געשריען. אין עטלאכע מינוט ארום אבער האט זיך דער קול איבערגעחזרט נאך שטארקער און

דייטלאַכער. נאַנסענס האַרץ האָט אנגעהייבן שטאַרקער צו קלאַפּן... ער האָט זיך דערמאָנט. אַז נעכטן האָט ער אויך געהערט אַזוי ווי מ׳וואָלט געשאסן, נאָר ער האט געטראַכט, אַז דאָס שפּאַלט זיך אוראי דאס אייז. מיט האַסט איז ער צוגע-לאָפן צו יאָהאַנסענען און האָט אים דערציילט די שמחה. אויב הינט בילן, איז דאך אַ סימן, אַז מענטשן געפינען זיך דאָ ניט ווייט... אָבער ווי אַזוי קומען אַהער מענטשן? נאַנסען האָט אָנ-געהייבן ברעכן דעם קאָפּ און האָט זיך דערמאָנט, אַז גלייך מיט אים איז אַרויס-געפאָרן צו פראַנץ יאָזעפס ערד אַ ענגלישע עקספּעדי-ציע. „אפשר איז דאָס די עקספּעדיציע״? האָט ער אַ טראַכט געטאָן און האָט



זיך אויף גיך אָנגעקלעאָזן אין וועג אַריין, יאהאנסען איז געבליבן ביי די שיפלאַך. וואָס ווייטער ער איז געגאַנגען, אַלץ שטאַרקער האָט געקלאַפּט דאָס האַרץ זיינע. אויפן שניי האָט ער דערזען שפּורן פון הינט, איצט איז שוין ביי אים מער קיין ספק ניט געווען, אַז דאָ געפינען זיך מענטשן. אין אַ קורצער צייט אַרום האָט ער דערהערט אַ מענטשלאַכן קול. ער איז אַרויפגעקראָכן אויף אַ בערגל און האָט מיט גאַנץ כח אָנגעהייבן צו שרייען. דערנאָך האָט ער זיך מיט גאַנץ כח אָוועקגעלאָזן צום אָרט, וואו ס׳האָבן זיך געדאַפּרט געפינען מענטשן. אין עטלאכע מינוט אַרום האָט ער דערזען עפּעס אַ שוואַרצע פיגור, דאָס איז געווען אַ הונט. עטלאַכע טריט ווייטער איז געגאַנגען אַ צווייטע פיגור, אַ פיגור פון אַ מענטשן...! נאַנסען האָט אָנגעהייבן צו מאַכן מיטן הוט און מיט די הענט. דער אומבאַקאַנטער האָט אויך געטאָן דאָס זעלבע.

נאַנסען האָט דערהערט ווי דער אומבאַקאַנטער האָט עפּעס אַ זאָג געטאָן צום הונט אויף ענגליש און האָט משער געווען, אַז דאָס מוז זיין דער ענגלישער נאַטורפאָרשער דזשעקסאָן, וואָס איז טאַקע מיט 3 יאָר צוריק אָפּגעפאָרן צו פראַנץ יאָזעפס אינזלען. די רייזנדער האָבן דערלאַנגט איינער דעם אַנדערן די הענט. אַרום זיי איז געווען אַ גרויסער טומאַן, אונטער די פיס — אָנגע-

האָרפּן אייז, פון ווייסן—אַ שטיקל ערד. אין אַזא אָרט און בײַ אַזױנע אומ- שטאנדן האָבּן זיך באגעגנט צוויי מענטשן, וועלכע זיינען גאָרניט געוועזן ענלאך איינער צום אַנדערן. איינער – אין אַ ריינעם ענגלישן אָנצוג, אין קאַ- לאָשן, אַ פּאַרקאַמטער, אַ גערצאַזירטער. דער אַנדערער – אַ שמוציקער, אַ פאַרי- שמאָלצענער, אין צוריסענע טראַנטעס, מיט לאַנגע צופלאָנטערטע האָר, מיט אַ לאַנגע קאָלטענעוואַטע באָרד, מיט אַ פאַרשמירטן שוואַרצן פּנים. קיינער וואָלט איצטער נאַנסענען ניט דערקענט.



—ס'פרייט מיך זייער, וואָס איך האָב אייך באַגעגנט – האָט דזשעק- סאָן געזאָגט.

– איך דאַנק אייך! מיר–אויך!.. האָט נאַנסען געענטפערט.

– איר האָט דאָ אַ שיף? האָט דזשעקסאָן געפרעגט.

– ניין! קיין שיף האָב איך דאָ ניט.

– זאַלבעוויפילט זייט איר דאָ?

– איין חבר האָב איך דאָ, ער איז געבליבן אויפן ברעג.

ריידנדיק זיינען זיי זיך אַזוי געגאַנגען אַלץ נענטער צום ישוב. נאַנסען האָט געמיינט, אַז דער נייער באַקאַנטער פאַרשטייט ווער ער איז און פון וואַ- נען ער קומט, אַז ניט וואָלט ער אים דאָך אַזוי פריינדלאַך ניט באַגעגנט.

דזשעקסאָן האָט אים אָבער גלייך ניט דערקענט.

אז זיי זיינען שוין אָפּגעגאַנגען היפשע עטלאכע טריט, האָט אים דזשעקסאָן אַ קוק געטאָן גלייך אין פּנים אַריין און געפרעגט: „צי זייט איר דאָס ניט נאַנסען?"

—„יעָ! איך בין נאַנסען".. האָט ער באַקומען אַן ענטפער.

—„נאַנסען!? האָט אויסגעשריען דער ענגלענדער – גאָט מיינער! ווי גליקלאַך איך בין וואָס איך האָב אייך באַגעגנט!." ער האָט געכאַפּט נאַנסענס האַנט און פאַר גרויס שׂמחה אָנגעהייבן זי שטאַרק צו טרייסלען—„פון וואַנען קומט איר?"- האָט ער געפרעגט. נאַנסען האָט אים אין קורצן דערציילט אַלץ, וואָס ס'איז פאָרקומען מיט אים און מיט זיין שיף, ווי אַזוי ער האָט פאַרלאָזן די חברים און האָט זיך אליין מיט איין חבר אוועקגעלאָזן צום פּאָלוס. ער האָט אים דערציילט, ביז וועלכן אָרט ער איז דערגאַנגען און ווי אַזוי ער איז געקומען אַהער

דזשעקסאָן האט אים האַרצלאך באגריסט. באַלד זיינען אָנגעקומען דזשעקסאָנס חברים.

אַלע האבן הייס באַגריסט דעם העלדישן רייזנדער. מ׳האָט גלייך אוועקגעשיקט מענטשן נאָך יאהאנסענען. אַלץ האט זיך מיט אמאל איבערגעביטן אין לעבן פון אונזערע צוויי רייזנדער. נאנסען מיט זיין חבר האבן זיך ארומגעוואשן, האבן אָנגעטאן ריינע קליידער, האבן גוט אפגעגעסן און האבן זיך געפילט ווי זיי וואלטן מיט אמאל אריינגעפאלן אין גן עדן. — „איך האב זיך עפּעס מאדנע געפילט, שרייבט נאנסען, ווען איך האב זיך געזעצט אין א ווייכן שטול, אין אַן אויסגעקלעפּטן און אויסגעפּוצטן צימער לעבן אַ ווארימען אייוועלע... אין איין האלב שעה האט זיך אלץ איבערגעביטן אין מיין לעבן. אלע צרות און קאפּדרייעניש, פון וועלכע איך האב דריי יאר נאכאנאנד געליטן, זיינען מיט איין מאל פארשוואונדן געווארן... פינסטער זיינען געוועזן די פארגאנגענע דריי יאר, זיי פארלירן זיך אבער אין דעם גאלדענעם שיין פון די קומענדיקע טעג. מיין חוב האב איך ערפילט. איצטער קען איך אפּרוען. רוען אוןווארטן״...

## XI

ווארטן איז נאנסענען אויסגעקומען ביז 26 טן יולי. דעם 26-טן איז געקומען א שיף, וועלכע האט געבראכט פאר דזשעקסאנס עקספּעדיציע פארשיי. דענע נויטיקע זאכן. די געקומענע האבן דערציילט נייס פון אייראפּע. נאנסען מיטן חבר האבן מיט גרויס אינטערעס זיך צוגעהערט צו יעדן ווארט. א קלייניקייט — דריי יאר נאכאנאַנד זיינען זיי געוועזן אפּגעריסן פון דער וועלט. נאכן געזעגנונג פון דערהיים האט זיי נאך שטארקער אנגעהייבן צו ציען אהין. דעם 7 אַווגוסט איז זייער פארלאנג מקוים געווארן — זיי זיינען אפּגעפארן אהיים, צוריק קיין נארוועגיע.

מ׳קען זיך גארניט פארשטעלן נאנסענס פרייד, ווען ער האט פונדערווייטן דערזען זיין פאטערלאַנד.

— „איך בין געשטאנען — שרייבט ער — ווי א פארשטיינערטער און האב ניט געקאנט אפּרייסן די אויגן פון דעם שטיקל ערד, וואס ס׳האט זיך געזען פון ווייטן. מיין האַרץ האט געקלאפּט פאר פרייד און פאר שרעק״...

די שיף האט זיך אפּגעשטעלט אין האפן ווערדע. נאנסען איז אויף גיך אוועגעלאפן צום טעלעגראף און האט געקלאפּט טעלעגראמעס צו זיין פרוי און צו זיינע פריינד.

דערווייל האט מען זיך אין גאנץ שטאט דערוואוסט, אז נאנסען איז גע-

קומען. גלייך איז אין שטאט געווארן א פאראד. גאנץ שטאט איז ארויס אָנקוקן נאַנסענען. פון ווערדע זיינען די רייזנדער געקומען קיין האַמערפעסט. דאָרט האָט ווי באַגעגנט אַ המון פון טויזנטער מענטשן מיט פאָנעס און מיט בלומען.

פון איין זאַך האָט זיך נאנסען שטאַרק מצער געווען — פון דעם, וואָס „פראַם" איז נאָך ניטאָ. אַלק איז דאָך מיגלאַך. ווער ווייס, אפשר האָט זיך מיט אים אַן אומגליק געטראָפן? דער געדאַנק האָט אים נים געלאָזט רוען. די פרייד זיינע איז געווען ניט קיין פולע. אָבער באַלד איז די שמחה געוואָרן פאַרפול דעם 20 אַווגוסט האָט נאַנסען ערהאַלטן אַ ידיעה, אַז „פראַם" פאָרט אַהיים דאַן האָט ער שוין באמת ניט געוואוסט ווי זיך צו פרייען. ער האָט זיך באַגעגנט מיט די חברים אין שטאָט טראָמסע. זיי האָבן אים דערציילט אַלץ, וואָס ס'איז פאָרגעקומען אויפן שיף צייט ער מיט יאָהאַנסענען זיינען אָפּגעפאָרן.

נאָך זייער אָפּפאָר האָבן אַלע ווי פריער רואיק געאַרבעט און געוואַרט. די שיף איז אַפילו זייער לאַנגזאַם, אָבער דאָך געגאַנגען אין צפון-מערב זייט. אין נאָוועמבער 1895 האָט זיך די ריכטונג פון שטראם געביטן, און ער האָט אָנגעהייבן צו שלעפּן די שיף אויף דרום-מערב. סוף מאי האָט סווערדרופ דערזען, אַז צו אַזאַ רירן זיך וועט קיין סוף ניט זיין. ער האָט אויפגעריסן דעם אייז ארום שיף, האָט אַוועקגעלאָזן די מאַשינעס און האָט זיך דורכגעריסן דורכן אייז. 28 טעג האָט-געדויערט דער קאַמף מיטן אייז, און „פראַם" האָט מנצח געווען.

לכבוד די געסט איז אין שטאט געווען אַ גרויסער יום טוב. אין גרעסטן זאַל פון שטאָט האָט זיך צונויפגעקליבן אַ גרויסער עולם און מ'האָט באַגריסט די רייזנדער מיט הייסע רעדעס. אַ גאַנצע נאַכט האָט געדויערט דער יום טוב. נאכן באַל האט מען נאַנסענען מיט די חברים אַרומגעטראגן אין באַגולטע שטולן אַרום מ אָ ל *). אויף מארגן זיינען די רייזנדער אפּגעפארן קיין קריסטיאַניע, דער הויפּטשטאט פון נארוועגיע.

„ווי גוט און ווי אנגענעם — שרייבט נאנסען — ס'איז צו זיצן רואיק אפן שיף און קוקן ווי אַנדערע אַרבעטן און זוכן דעם וועג"...

פאַרביי וועלכער שטאט זיי זיינען ניט געפאָרן — אומעטום שמחות און יום טובים. שטעט און שטעטלאַך, דערפלאַך און אפילו איינציקע הייזלאַך אויפן ברעג — אלע האבן געזען ארויסצווייזן זייער פרייד און אַנערקענונג.

— איצטער, שרייבט נאנסען — האָב איך דערפילט ווי טייער ס'איז מיר מיין פאָלק און מיין לאַנד. אויב צוליב אונז וועט אן איבעריקער שטראַל באַ-

*) אַ באַרג פון שטיינער אָדער פון זאַמד אויפן ברעג ים.

לייכטן זיין לעבן, זיינען די דריי יאָר ניט פארפאלן געגאַנגען"!... מער פון אַלץ האט נאנסענען גערירט דאָס, וואס די קליינע קינדער זיינען אויך אַרויס־נעגאַנגען אים מקבל פנים זיין. טויזנטער קינדער זיינען אים אנטקעגן געגאַנגען מיט פאָנעס און מיש בלומען, געזונגען, געטאַנצט און געפרייט זיך מיט אים. נאנסען צוריקקער אַהיים איז געווען אן אמתער פאלקס־יום־טוב. גאַנץ קריס־טיאניע איז געיועזן אויסגעפוצט מיט קרענץ און מיט בלומען. אַלע געשעפטן ויינען געוועזן פאַרמאכט. די גאַסן זיינען געוועזן געפאַקט מיט מענטשן.. יעדער איינציקער האט זיך געפרייט אקוראט ווי ס'וואלט געוועזן זיינע אַ פערזענלאכע שמחה.

„דאָס גאנצע פאלק פרייט זיך איצט מיט אייך — האבן אין איין טאן געקלונגען די טויזנטער רעדעס — נעמט צו דעם הייסן און אמתן פאלקס דאנק פאר אלץ, וואס איר האט געטאן, פאר דער פרייד, מיט וועלכער איר האט אנגעפילט אַלעמעס הערצער. דער פאלקס דאנק וועט ניט פארפאלן גיין מיט די פאָלקס־התפעלות. ער וועט אונז איבערלעבן. די געשיכטע פון אייער רייזע וועט מען איבערגעבן פון דור צו דור"...

פינף טעג נאָכאַנאנד האט געדויערט דער יום טוב. מיט יעדער איינציקן פון די רייזנדער האט מען זיך א.יומגעטראגן, יעדער איינציקן האט מען געהאצקעט...

„נאכן יום טוב ביינאכט — באשרייבט נאנסען — בין איך געשטאנען אויפן ברעג ים. די שטאט האָט זיך בארואיקט. שטיל און פארטראכט איז געשטאַנען דער שווארצער וואלד. אויף די שפיצן פון די פעלזן האבן זיך נאך געראיכערט די קוילן פון די פייערן, וואס מ'האט אָנגעצונדן לכבוד אונז. ביי מיין צופוסנס האט זיך געפלעסקעט דער ים און שטיל געשעפטשעט: דו ביסט שוין אינדער היים!... די פארמאטערטע נשמה האט גערוט אין דער שטילקייט פון הארבסטיקן אוונט... ניט ווילנדיק האב איך זיך דערמאנט אן דעם רעגנדיקן טאג, ווען איך בין צום לעצטן מאל געגאנגען צום ברעג. מער ווי דריי יאר איז אריבער פון יענער צייט אן... מיר האָבן געקעמפט,, מיר האבן געזייט... איצט איז געקומען די צייט פון שניידן... עפעס האט אינעווייניק אין מיר געוויינט און געקלאָגט פאר פרייד און פאר דאנקבארקייט. דאס אייז, די לאנגע קאלטע נעכט מיט אלע זייערע ליידן האבן זיך מיר איצט געדאכט ווי א פארגעסענער חלום, א חלום, וואס איז געוועזן און איז פארשוואונדן... ווי ארים וואלט אבער געוואָרן דעם מענטשנס לעבן, ווען ס'וואלט ניט פארמאגט אזוינע חלומות"!...

<OOOOOOOOOOO>



נאנסען אויפן ברעג ים. (צו דער זייט 44)



נאנסען ציט ארויס זיין חבר פון וואסער.

דער פארלאג „די נייע יידישע פאלקסשול" האָט שוין אַרויסגעגעבן פאָלגנדיקע ביכער:

# א) לערנביכער:

## 1. אריטמעטישער רעכנבוך—(ערשטער טויזנט)

(2 אויפלאַגעס) פון ש. באַסטאָמסקי.

2. „ „ „ אומבאגרענצטע צאָלן.

פון ש. באַסטאָמסקי.

## 3. אריטמעטישער רעכנבוך (ברוכצאָלן)

(2 אויפלאַגעס) פון ש. באַסטאָמסקי און ל. הורוויץ.

מיט אַ ביילאַגע פון דער טערמינאָלאָגיע פון אריטמעטיק, אויסגעאַרבעט פון אַ קאָמיסיע ביי דער ווילנער יידישער לערער־געזעלשאַפט.

# ב) ביכער פאר קינדער:

צונויפגעשטעלט פון ש. באַסטאָמסקי.

פאר יינגערע:

1) יעקעלע נאַר. 2) יודע דער וואסערטרעגער און זיינע מעשיות 3) מזל. 4) צוויי מתּנות. 5) א) דער נס. ב) דער צדיק.

פאַר עלטערע

1) פריטיאָף נאַנסען און זיין רייזע צום צפונדיקן פאָלוס (רייך אילוסטרירט)

# ג) מאטעריאל צום יידישן פאלקלאר:

## 4. יידישע פאלקסרעטענישן. (2 אויפלאַגעס)

געזאמלט און דערקלערט פון ש. באַסטאָמסקי.

---

מיט באַשטעלונגען זיך ווענדן לויטן אַדרעס:

ש. באַסטאָמסקי. ווילנע, סטעפן נאַם 24, קוו. 28.

## ס׳איז ארויס פון דרוק די צווייטע זאמלונג

# „ליטע"

אונטער דער רעדאַקציע פון א. י. גאלדשמידט.

מיט פאָלגנדיקן אינהאַלט:

1) דאָס זאַמעלבוך „ליטע" — א. י. גאָלדשמידט; 2) ליטע (לידער) – א. י. גראָדזענסקי; 3) די ייִדען אין׳ם גרויספירשטענטום ליטע: א) די ערשטע ייִדען אין ליטע – א. י. גאָלדשמידט; 4) ליטע (ליד) – לייב ניידוס; 5) דער פסיכאָלאָגישער כאַראַקטער פון די ליטווישע ייִדען – ד"ר מעד. א. חירשובסקי; 6) ליטווישע שטעטלעך (ליד) – אברהם זאַק; 7) די ייִדישע פּראָפעסיעס אין ליטע – ם. שאַליט; 8) ייִדישע טעכטער (ליד) – לייב ניידוס; 9) ביי דער צושיידונג פון פעלקער (זכרונות פון׳ם נירוש פון סוב. נוב. אין 1915) – פסח מארקוס; 10) די געשמדטע (פון אַ פּאָעמע) – שרה רייזען; 11) „המתנעורים" (ערוואַכטע ייִדען (נאכ): „המאתנעורים" (ערוואַכנגען) – ש. אַנ-סקי; 12) ביי דער חיליע (אָקטאַחען) – לייב ניידוס; 13) אויפ׳ן אלטען אָרט (ערציילונג) – פסח מארקוס; 14) ליטווישע מאָטיוון (לידער) – אברהם זאַק; 15) לייב ניידוס — ז. רייזען; 16) צוויי לידער – יעקב כ״ץ; 17) יעקב כ״ץ (נעקראלאג) – א. י. גאלדשמידט; 18) א שטילע נשמה, אומעט (לידער) - אברהם גליקמאן; 19) די ליטווישע פרעסע און די ליטווישע פארטייען – א. י. גאָלדשמידט.

## פּרייז 5 רובל.

פּרייז פון ערשטען זאַמעלבוך „ליטע" — 2 רובל.

---

ביידע זאַמעלביכער צו באַקומען פּאָרלויפיג ביי א. י. גאלדשמידט,
ווילנע, וועננערסקי. ה. 25, וו. 16.